א. שניצלער

# דער
# לעצטער ווילן



ISBN:0-657-12648-9

ארטור שניצלער

# דער לעצטער ווילן

דראַמע אין דריי אַקטן

ייִדיש: דוד שיינבערג.

פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ,

וואַרשע 1926

MADE IN POLAND

הילע געצייכנט י. טיקאָטשינסקי

געזעצט; פ. קרימער, פולאַװ

געדרוקט אין דרוק „אָשוויאַטאַ", טלאָמאַצקע 4.

OSTATNIA WOLA

Dramat Artura Schnitzlera

Wydawnictwo Ch. Brzoz

Warszawa, Leszno № 27 / 59

Drukarnia „Oświata" Warszawa

Tłomackie 4. Telefon 236-02

## פּערזאָנען:

אַדאָלף לאַיאַטי, פּראָפעסאָר פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע און דעפּוטאַט.

בעטי, פון דער פאַמיליע ווינטער, זיין פרוי.

פראַנציסקא, צוואַנציק יאָר.

הוגאָ, קאַנדידאַט פון רעכט-וויסנשאַפט, זעקס און צוואַנציק יאָר

לולו, דרייצען יאָר.

זייערע קינדער.*

עמע ווינטער, אַן אלמנה נאָך בעטיס פאַרשטאָרבענעם ברודער, זעקס און דרייסיק יאָר.

אַגנעסע, איר טאָכטער, זיבצען יאָר.

טאָניע וועבער, צוויי און צוואַנציק יאָר.

פראַנק, איר זון, פיר יאָר.

פערדינאַנד שמיד, דאָקטאָר.

גוסטאַוו בראַנדער, אַ באַאַמטער אין מיניסטעריום.

אַ דאָקטאָר.

אַן אומבאַקאַנטער.

אַ שטוב-מיידל.

די דראַמע קומט פאָר אין ווין אין אונדזער צייט.

## ערשטער אַקט.

הוגאָס שטוב.

אין איר איז גאַנץ טונקל. פּרעכטיק מעבל. געוויסע קליינינקייטן דערציילן וועגן די ספּאָרטסמענישע נייגונגען פון בעל־הבית. רעכטס — צוויי פענסטער. די זשאַלוזן זיינען האַלב אַראָפּגעלאָזט. די נאָכמיטאָגדיקע זון דרינגט אַריין דורך די שפּאַרעס. רעכטס — צוויי טירן. לינקס איינע. אין לינקן ווינקל, נענטער צו דער מיט סצענע — אַ זייער ברייטע, טערקישע סאָפע, באַדעקט מיט אַ שווערן, פּערסישן דיוואַן. רעכטס — אַ שרייבטיש לעבן אים אַ ביכער־שענקעלע. איבערן שענקעלע הענגען בילדלעך. צווישן די פענסטער — יאַגדרויב לינקס בײַ דער וואַנט, לעבן דער טיר — אַ געשטעל מיט ביקסן. לינקס אין ווינקל — אַ שאַנק.

ווען די פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, איז אויף דער סצענע אַ געוויסע צייט קיינער נישטאָ.

**ניסטאַוו**

(קומט אַריין פון לינקס)

**גוט מאָר...! הוגאָ! הוגאָ!?** (קוקט זיך אַרום, רעדט אין דער טיר אַריין) ער איז דאָ נישטאָ.

(וויל אַוועקגיין)

לולו

(קומט אַריין פון לינקס)

אַך, גוסטאַוו, וואָס מאַכט איר!

גוסטאַוו

גוט מאָרגן, קליינער! און ווו איז הוגאָ?

לולו

שוין אַ שעה, ווי ער איז אַוועקגעפאָרן.

גוסטאַוו

איך האָב טאַקע גערעכנט אַזוי. פאַרוואָס־זשע האָט מיר אייער שטוב־מיידל געזאָגט, אַז ער איז אין דער היים?

לולו

זי ווייסט קיינמאָל גאָרנישט. אפשר וועסטו אַריינגיין צו אונדז? די מאַמע וועט זיין זייער צופרידן.

גוסטאַוו

(מיט אַ שמייכל)

דו רעדסט פונקט ווי אַ גרויסער, נאָר צום באַדויערן קען איך נישט אַריינגיין צו אייך. מיזאַצקי וואַרט אויף מיר אין אַ קאָטש.

לולו

לאָז ער וואַרטן.

גוסטאַוו

ניין! דאָס גייט נישט! און באַ אייך זיינען עפּעס דאָ אַ סך געסט!

לולו

באַ אונדז זיינען דאָ אַ סך געסט? דו לאַכסט אַוודאי.

גוסטאַוו

איך האָב געזען באַם פענסטער עטלעכע קעפּ.

ל ו ל ו

באַר די מאַמע און פראַנצי זיינען אין דער הייב. נו, פאַר־שטייט זיך: די מומע עמע און אַגנעסע זיינען אויך בא אונדז.

ג ו ס ט אַ ו.

און די ביבערס?

ל ו ל ו

די פרייליינס ביבער, מיט דער אַלטער, זיינען שוין אַוועקגעגאַנגען. זיי זיינען אויך דאָ געווען, און געקוקט אויפן פובליקום, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון לויף־פּלאַץ.

ג ו ס ט אַ ו

איך קום אויך פון דאָרט.

ל ו ל ו

און ווי זיינען עפּעס דיינע געשעפטן היינט צוגעגאַנגען? אַ סך געווונען?

ג ו ס ט אַ ו

וואָס איז דען? ווילסט בא מיר באָרגן, האַ? אומזיסט. נו, צום ווי־דערזען. גיב איבער מיין גרוס דער מאַמען, גריס הוגאָן.

ל ו ל ו

אבער זאָל איך אים נאָך עפּעס איבערגעבן? דאַרף ער נישט ערגעץ־ווו צוקומען? קענסט דיך פאַרלאָזן אויף מיר. איך בין זייער פריינט־לעך מיט הוגאָן.

פ ר ו י ב ע ט י ל אָ ז אַ ט י

(קומט אריין פון לינקס)

ג ו ס ט אַ ו

איך האָב די ערע זיך צו באַגריסן.

ב ע ט י

אַך, דאָס זענט איר, גוסטאַוו? פאַרוואָס־זשע האָסטו, לולו, נישט פאַר־בעטן דעם הער בראַנדער צו אונדז?

לולו

דער הער בראַנדער האָט נישט געוואָלט

גוסטאַוו

(מיט אַ שמייכל)

אַך, דו! ניין, אין אמתן. מיר וואָלט זיך זייער נישט געוואָלט איינך שטערן. איך האָב געדאַרפט זאָגן הוגאָן בלויז נאָר צוויי ווערטער.

בעטי

הוגאָ איז אַוועקגעפאָרן אין פּראַטער. ער וועט זיך זיכער באַלד אומקערן. וואַרט צו אויף אים.

גוסטאַוו

איך באַדויער זייער, נאָר מיזאַצקי וואַרט אויף מיר אונטן אין אַ קאָטש... און...

בעטי

אפשר איבערגעבן עפּעס הוגאָן?

לולו

כאַ, כאַ, כאַ!

בעטי

וואָס לאַכסטו?

גוסטאַוו

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן זע איך אַזאַ נאַריש יונגל!

בעטי

נישט אמת, הער בראַנדער?

גוסטאַוו

יאָ.. מיר זיינען פשוט צוגעפאָרן נאָך הוגאָן. מיר האָבן אים געוואָלט מיטנעמען אויף אַן אָוונטל, וואָס מיזאַצקי אָרדנט איין היינט, צו ליב דעם, וואָס זיין ליבלינג „דזשעסיקאַ" האָט גענומען דעם ערשטן פּריז.

בעטי

ענדלעך.

גוסטאַוו

(לאַכט)

יאָ, מאַקע, ענדלעך-דאָך! צווישן אונדז רעדנדיק, איז דאָס געווען אַ מיאוסער, איבערגעקוליפּטער לויף-וועט. נאָר פונדעסטוועגן — דער אָנהייב איז געמאַכט!

לולו

וויפיל איז באַצאָלט געוואָרן?

גוסטאַוו

לולו, דו ביסט דאָך פשוט אַ סוחר...

לולו

מיט זעכציק גרייצער אַ וואָך.

גוסטאַוו

זייט אַזוי ליבלעך, איך בעט אייך, בעט הוגאָ, ער זאָל צוקומען אין קאַווע-הויז „די אונגאַרישע קרוין". מיר וואָלט זייער אָנגענעם געווען, ווען ער וואָלט הייַנט נאָך צוגעקומען, מאָרגן פאָר איך אַוועק און איך וואָלט מיך זייער געוואָלט זען מיט אים פאַרן אָפּפאָרן.

בעטי

איר פאָרט אויף לאַנג אַוועק?

גוסטאַוו

ניין... הוגאָ קען קומען צוועלף אויך. ער וועט אונדז אַ־ץ אייננטרעפן.

בעטי

ער קען אויך פריער קומען. ער עסט דאָך נישט קיין נאַכט-עסן אין דער היים.

לולו

יאָ, אים איז גוט.

גוסטאַוו

איך האָב די ערע, אַדיע! איך בעט אייך, גיט איבער מיין גרוס די דאַמען (צו לולון) זיי געזונט! דו וועסט מיר נישט געבן די האַנט?

לולו

איך בין באַליידיקט. דו האָסט מיך אָנגרופן „נאַריש יונגל". דו דאַרפסט די ווערטער צוריקנעמען.

גוסטאַוו

נו, גוט. איך נעם צוריק דאָס וואָרט „יונגל". זיי געזונט, איך האָב די ערע! (אָפּ)

בעטי

(שמייכלט)

ווי אַזוי פירסטו דיך עפּעס, לולו?

עמע

(קומט אַריין פון לינקס)

איך וויל מיך אַ ביסל אָפּרוען פון גערויש. איך וועל נישט שטערן?

בעטי

וואָס, דו? אַנטשולדיק, וואָס איך האָב דיך געלאָזט אַליין. בראַנדער איז דאָ געווען.

עמע

(זעצט זיך אויף דער סאָפע)

דאָ איז כאָטש קיל, און עס איז נישטאָ אַזאַ העלע באַלייכטונג. ווי אומאָנגענעם דאָס איז, וואָס די הייזער אויף דער קעגניבערדיקער זייט זיינען אָפּגעפּאַרבט אויף ווייס. מען קען נאָך בלינד ווערן.

בעטי

לולו, גיי דאָרט אַריין צו די דאַמעס.

לולו

דאָס איז אַזוי נישט אינטערעסאַנט.

עמע

(שמייכלט)

בעטי

דיין „געפּרווירנס" שטייט נאָך דאָרט אַפילו.

לולו

טאַקע?

(לויפט אַרויס)

עמע

איך קלער, צי איך זאָל מיך ענדלעך נישט אָפּזאָגן פון מיין וווּנונג און איבערציִען זיך אויף אַזאַ באַלעבאַטער גאַס, ווי אייערע.

בעטי

צוואָס? דו האָסט דאָך נישט ליב קיין גערויש.

עמע

עס זיינען דאָ אַ סך סיבות צו דעם. איך קען וווינען העכער, און דאַמאָלס וועט מיר דאָס גערויש ווייניק שטערן. נאָך פאַרדעם וועל איך זען פון דאָרט דאָס לעבן. (מיט אַ שמייכל) ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס שוין אַן אָנזאָג פון דער עלטער.

בעטי

און דו רעדסט שוין אויך פון עלטער?

עמע

אַך, יאָ! איך האָב אַ רעכט אויף דעם. איך הייב מיך שוין אָן צו פילן זייער איינזאַם.

בעטי

ווי קאָנסטו דאָס זאָגן? דו האָסט דען נישט אַגנעסען?

עמע

ניין, איך האָב זי גישט!

בעטי.

(מיט פאַרוווּנדערונג)

וואָס?

עמע

גאָט מיינער! מיר אַלע פאַרלירן די קינדער, ווען זיי טרעטן נאָר אַריין אין אַ געוויסער עלטער. איבער מען וועט איר היינט זאָגן, אַז זי דאַרף זיך אָפּזאָגן, אָדער פון מיר, אָדער פון אים — דו מיינסט, װעמען וועט זי פאַרלאָזן?

בעטי

פון וועמען זיך אָפּזאָגן? דו מיינסט הגאָן?

עמע

יאָ. פאַרשטייט זיך הגאָן.

בעטי

צווישן אונדז גערעדט, פאַלט מיר נישט איין, אַז דאָ זאָל זיין עפּעס ערנסטעס. — פאַנטאַזיעס!

עמע

אויסגעצייכנט. איך האָב גאָרנישט קעגן דעם. אָבער אַלציינס: עמע-צער וועט זי פּאָרט צונעמען בײַ מיר. הגאָ איז, פאַרשטייט זיך, בעסער פאַר אַנדערע. עס איז וווּנדערלעך, ווי ער דערמאַנט מיך טיילמאָל אָן מיין אָרימען, פאַרשטאָרבענעם מאַן, באַזונדערס זיין אַרט קוקן און שמייכלען.

בעטי

יאָ, דאָס איז אמת.

עמע

(שטייט אויף)

אָך, בעטי! איז דען דאָס נישט די נאַרישסטע אויסטראַכטונג, אַז די צייט מאַכט כלומרשט פאַרגעסן. טיילמאָל פיל איך מיך אַזוי, ווי איך וואָלט אים ערשט נעכטן אָנגעוווירן, און עס זיינען דאָך שוין צוועק פירצען יאָר, פירצען יאָר. און פאַרגעסן איז אַלץ נישט מעג־לעך, נישט מעגלעך!

בעטי

מען עלטערט זיך, און דאָס איז אויך אַ גליק.

עמע

דו מיינסט אַזוי, אַז דאָס איז אַ גליק?

בעטי

יאָ, אַ סך, אַ סך איז שוין געבליבן הינטער אונדז. איך וואָלט נישט געוואָלט נאָך אַמאָל יונג ווערן.

עמע

אין אמתן?

בעטי

מיר שטעלט זיך פאָר די יוגנט, ווי עפּעס אַ גרויסער פלאָנטער... איך קען מיך אַפילו נישט דערמאָנען אָן איר. נאָר די צייט פון געבוירן די קינדער צייכנט זיך מיר אַ רויקע און אַ הערלעכע.

עמע

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אויב מען איז נישט גוט פאַרייניקט מיטן מאַן...

בעט

(מאַכט אַ באַוועגונג)

עמע

דאָס איז דאָך שוין אַריבער. אַצינד ליידסטו דאָך שוין גאָרנישט פון דעם.

בעטי

איך האָב קיינמאָל נישט געליטן. (פּאָזע) קום צוריק צו די קינדער!

עמע

(שטייט אויף)

פאַרוואָס איז עפּעס דער דאָקטאָר שמיד נאָך נישטאָ?

בעטי

ער האָט אַצינד אַ סך אַרבעט.

עמע

יאָ?

בעטי

נו, וואָס?

עמע

ווען וועט ער „אונטערנעמען" דיין פראַנציסקען?

בעטי

(מיט אַ שמייכל)

דו רעדסט מיט אַ מערקווירדיקער מאַניער וועגן די דאָזיקע זאַכן.

עמע

מיט דער פּאַסיקסטער. ער וועט זי ווייט אָפּעקפּירן?

בעטי

ווען איך וואָלט אַזוי געטראַכט, וואָלט איך זי אים נישט אָפּעקגעגעבן. און איך פאַרשטיי אויך נישט, וואָס דו מיינסט מיט דעם. איך מיין, אויב אַ מענטש איז שוין לאַנגע יאָרן אין הויז, קען אין אַלגעמיין נישט זיין קיין רייד וועגן דעם, וואָס דו פאַרשטייסט אונטער דעם וואָרט אָפּעקפּירן.

עמע

ער איז כּסדר בּאַ אייך, נאָר פונדעסטוועגן זעענט איר אַלץ נישט

נאַנט געוואָרן, וואָס אָמבאַלאַנגט מיר — ווערט מיר שטענדיק קאַלט אין זיין קעגנוואַרט.

ב ע ט י

נו, וועל איך דיר שוין בעסער זאָגן באַלד: זיי וועלן זיך גאַנץ שנעל פאַרלאָבן.

ע מ ע

טאַקע? דו ביסט זיכער, אַז פראַנצי האָט אים ליב?

ב ע ט י

ליב? דו ווייסט, פראַנצי איז נישט אַזעלכע.

ע מ ע

וואָס הייסט נישט אַזעלכע? יעדעס מיידל איז אַזעלכע. עס דאַרף נאָר קומען דער געהעריקער מענטש.

ב ע ט י

זיי קענען זיך שוין אַזוי לאַנג! אומעטום האַלט מען זיי פאַר חתן כלה, און מיין מאַן וויל זייער, ענדלעך, דער זאַך צוגעבן אַן אָפי-ציעלן כאַראַקטער.

ע מ ע

נו, יאָ, אויב דיין מאַן וויל דאָס.

ב ע ט י

איך אויך.

ע מ ע

דיר חילט זיך נאָר רו, מער גאָרנישט.

ב ע ט י

עס איז גאַנץ נאַטירלעך צו וועלן איינאָרדנען אַן אייגן קינד, און דערצו נאָך אַזוי גוט און זיכער. שמירן שטייט פאַר אַ גלענצענדע קאַריערע.

עטע

גאַנץ זיכער.

בעטי

נעכטן אין אָוונט האָט ער גערעדט מיט אונדז. עס איז גאַנץ וואַר־שיינלעך, אַז נאָך היינט...

(פראַנציסקע און אַגנעסע קומען אַריין)

אַגנעסע

ווו זענט איר אונדזערע מוטערס? ווי אין אַ קעלער־שטיבל קומט מען דאָ אַריין פון אַ ליכטיקן צימער.

פראַנציסקע

(גייט צו צום פענסטער לינקס און לאָזט אַריין אַ ביסל מער ליכט, צעשפרייטנדיק די זשעלוזן)

אַזוי איז היימלעכער.

אַגנעסע

איר האָט אַזוי פיל דורכגעלאָזט: עס זיינען פאַרבייגעפאָרן צוויי ערצהערצאָגן.

בעטי

אוואָרערע?

אַגנעסע

דאָס ווייס איך נישט... און דעם פּערסישן קאָנסול האָבן מיר אויך געזען. און אַ חוץ דעם, אַ פּרעכטיקע קאָטש געשפּאַנט אין פירן, מיט אַ גאַנ־צער געזעלשאַפט דאַמען און הערן. מסתּמא, אונגאַרישע אַריסטאָקראַטיע.

בעטי

פאַרוואָס מיינסטו, אַז דאָס איז אונגאַרישע אַריסטאָקראַטיע?

אַגנעסע

אַזוי דאַכט זיך מיר. מיט זיי איז מיטגעווען אַ הוזאַרן־פּאָלקאָ . .

דעריבער אויך מיין איך, אַז דאָס ווייגען געהערט אונגאָרן. (שוין לאַנג געטראַכטנדיק די ביקסן) הוגאָ גייט אָפּט אויף יאָגד?

בעטי

(שמייכלענדיק)

די ווייסט דאָך, ער וועט יעדעס יאָר האַרבסט-צייט איינגעלאַדן וויניקסטנס אין אַ צען הייף אַריין.

אַננעסע

אים האָט מען אַזוי ליב.

(אַלע לאַכן)

אַננעסע

גאָ, יאָ, דאָס איז מיר גאַנץ פאַרשטענדלעך.

(זיי לאַכן נאָך מער)

אַננעסע

(ביין)

צו וואָס איז דאָס לאַכן?

(מען קלאַפּט אין טיר)

בעטי

אַריין

דאָקטאָר פערדינאַנד שמיד

(קומט אַריין)

גוטן אָוונט, מיינע דאַמען! לולו האָט מיר געזאָגט, אַז איר זענט דאָ.

בעטי

גוטן אָוונט, דאָקטאָר!

פערדינאַנד

וואָס מאַכט איר, פריילין פראַנצי?

פראַנציסקע

אַ דאַנק הער דאָקטאָר!

בעטי

מיר האָבן געמיינט, אַז היינט וועט איר קומען פריער. היינט איז דאָך יום טוב.

פערדינאַנד

פאַר מיר איז אַלץ איינס. אַ דאָקטאָר האָט נישט קיין יום-טובים. באַזונדערס אַ יונגער.

אַננעסע

אייך די אַלטע איז נישט בעסער.

פערדינאַנד

פונדעסטוועגן קען מען זיך שוין מער דערלויבן, ווען מען האָט שוין עפּעס דערגרייכט. (ווענדט זיך צו בעטין) נישט אמת?

בעטי

פאַרשטייט זיך. — איר וועט בלייבן בא אונדז? איר ווילט אפשר אַ שעלעכל טיי אָדער הייסן אייך אַריינגעבן „נעגרוירינס".

פערדינאַנד

אַ דאַנק אייך. איך האָב נאָך צוויי וויזיטן דאָ נישט ווייט, אויב איר וועט מיר דערלויבן צוצוקומען אין אָוונט.

בעטי

איר ווייסט דאָך, אַז מיר זיינען שטענדיק צופרידן אייך צו זען.

פערדינאַנד

און וווּ איז הוגאָ?

בעטי

ער איז אַוועקגעריטן שפּאַצירן.

פערדינאַנד

אָט וואָס!

אַננעסע

איר קענט אויך רייטן, הער דאָקטאָר?

פערדינאַנד

ניין. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט די מעגלעכקייט, נישט די צייט זיך דאָס אויסצולערנען.

אַגנעסע

נו, צייט וואָלט איר נאָך געווען געקענט געפינען. די פּראַקטיק נעמט דאָך בײַ איך נישט צו דעם גאַנצן טאָג.

פערדינאַנד

אַצינד איז שוין צו שפּעט, און דאָס וואָלט מיר אויך נישט פאַרשאַפט קיין שום פאַרגעניגן. די זאַכן דאַרף מען אָנהייבן אין די יונגע יאָרן. און ווען איך בין געווען יונג, האָב איך געדאַרפט טון עפּעס אַנדערש. איך האָב נישט געקענט איינאָרדנען מיין לעבן לויט מיין אייגענעם ווילן.

אַגנעסע

איר ווייסט, הער דאָקטאָר! לויט מיין מיינונג, קען יעדער מענטש איינאָרדנען זיין לעבן, ווי אים געפעלט.

עמע

וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן, קינד.

אַגנעסע

געוויס, ביז אַ געוויסער מאָס.

פערדינאַנד

אַפילו נישט ביז אַ געוויסער מאָס אייך, פריילין אַגנעסע. עס גייט נישט אַפילו אין די פּיצקייטן, נאָר אין די אויסערלעכע אומשטענדן.

אַגנעסע

האָט זיך אייך דען אַזוי שלעכט געלעבט?

עמע

קינד, וואָס איז מיט דיר!

פערדינאַנד

אַך, איך שעם מיך גאָרנישט, וואָס איך בין געווען אָרים.

עמע

איך ווייס דאָס. איר שטאָלצירט נאָך אַפּילו מיט דעם.

אַגנעסע

און אייערע קינדער וועט איר דערציילן, אַז איר זענט געקומען קיין ווין מיט צעריסענע זויל̈ן.

עמע

(מיט אַ שמייכל)

אַגנעסע.

פערדינאַנד

דאָס איז צופעליק ענלעך צו אמת.

בעמי

דאָס איז נישט קיין שאַנד.

פערדינאַנד

באַזונדערס, אויב איך האָב ביסלעכווייז געקענט באַקומען אַ פּאָר גאַנצ שיך.

בעמי

איך געדענק נאָך דייטלעך דעם טאָג, ווען איר זענט דאָס ערשטע מאָל געקומען צו אונדז און געגעבן הויגן די ערשטע לעקציע.

פערדינאַנד

פון דאַמאָלס אָן זיינען שוין אַזעק צוועלף יאָר. איר געדענקט נאָך די צייט, פריילין פראַנציסקע?

פראַנציסקע

גאַנץ זיכער.

אַגנעסע

איך אויך. דאַמאָלס (ווענדענדיק זיך צו פראַנציסקען) זענט איר שפּענ

געזעען בא אינדז אויף אן אוונט, און הוגא האט דערציילט, אז ער האט א נייעם לערער, און..

פערדינאנד

נו?

אגנעסע

ניין, גארנישט. איר ווייסט דאך, הוגא איז דאך שטענדיק געווען אזא שטיפער.

פערדינאנד

(אומשולדיק)

יא, ער האט א פנים זיך גוט פריילעך געמאכט איבער מיר דאמאלס, איבעריקנס: וואס האבן מיר זיך עפעס צערעדט וועגן דער פארגאנגענהייט. — וואס מאכט דער הער פראפעסאר? ער איז נאך נישט אין דער היים?

בעטי

ניין. היינט קומט פאר א זיצונג אין קלוב פון די לינקע פארייניקטע. ער וועט ערשט צוריקקומען אין אוונט.

עמע

ווי זיי קענען דאס נישט, אפילו אין זונטיק, לאזן צורו, נישט זיך און נישט די רעגירונג.

פערדינאנד

ווי עס ווייזט אויס, אנערקענט איר נישט, נאך אלץ ווי פריער, קיין פאליטיק?

עמע

(קאלט)

ניין. פארוואס? מיין שוואגער פארשאפט זי זיכער א סך פארגעניגען.

פערדינאנד

(קוקט אויפן זייגער)

אָך, ווי איך האָב מיך פאַררעדט — צום ווידערזען, מיינע דאַמען:

בעטי

פאַרשפּעקטיקט-ווּשע נישט. איר ווייסט דאָך, ווי אָנגענעם אַדאָלפן איז אַ שפּיל צו טון מיט אייך אַ פּאַרטיע קאָרטן פאַרן נאַכט-עסן.

פערדינאַנד

איך וועל מיך צואיילן. וועמען וועט איר היינט זיין מולדיק, פראַנצי. . פרײלין פראַנציסקע?...

פראַנציסקע

איינעם פון אייך זיכער — נישט מולדיק, דעם פאָטער אָדער אייך.

פערדינאַנד

(אין פאַרלעגנהייט)

איר קענט נישט זיין נישט מולדיק... דאָס... קענט איר זיין נאָר מולדיק, נישט אמת? צום ווידערזען, אַדיע.

בעטי

(אויפשטייענדיק)

וואַרט-צו, הער דאָקטאָר, מיר גייען אויך אַרויס פון דעם קיל-שטיבל, (ווענדנדיק זיך מיט אַ שמייכל צו אָגנעסען) פון דעם „ליבלינגס" הייל אַרויס.

פערדינאַנד

(לאַכט)

האָס? אָך, יאָ, דאָס איז הוגאָ דער „ליבלינג". טייל מענטשן ווערן געבוירן מיט דעם.

עמע

(איז אויך אויפגעשטאַנען)

איר זענט אַ פּעטאַליסט, אויב אַלע מענטשן ווערן פון געבוירן...

פערדינאַנד

נישט אַלע. דאָס האָב איך נישט געזאָגט.

(ער, בעטי און עמע גייען ארויס. פראַנציסקע און אַג־
נעסע הילן זיי נאָכגיין, נאָר אַגנעסע נעמט פראַנציס־
קען אונטער דער האַנט און פאַרהאַלט זי)

אַגנעסע

דו ווילסט אין אמתן מיט אים התונה האָבן?

פראַנציסקע

(רייט וועדנדיק, מיט אַ שמייכל)

דו האָסט עפּעס קעגן דעם?

אַגנעסע

נו... איבעריקנס... איך קען אים נאָך אַלץ נישט.

פראַנציסקע

ער איז אַן ערנסטער מענטש.

אַגנעסע

דאָס איז דיין באַטערס מיינונג.

פראַנציסקע

און דו ביסט דען נישט בײַ דער מיינונג?

אַגנעסע

נו... (עפנט אויף די זשעליוזן באַם צווייטן פענסטער) ווייל אַזוי איז
זייער פינסטער.

פראַנציסקע

קום בעסער... אָך, יאָ...

אַגנעסע

דו האָסט עפּעס געוואָלט זאָגן?

פראַנציסקע

בעסער דאָ צו בלייבן, האַ?

אַננעסע

יאָ, (קוקט זיך מיט צערטלעכקייט אַרום) יאָ, אָט ווער עס איז אײַנגאַנצן נישט קיין ערנסטער מענטש.

פראַנציסקע

דו ביסט דיך נועה, אין די לעצטע יאָרן איז ער אַזוי מעניש געוואָרן.

אַננעסע

אין די לעצטע יאָרן — מעגלעך. איך ווייס חייניק וועגן אים אין די לעצטע יאָרן. איך האָב אים נאָר געקענט, ווען איך בין אַ קליין מיידל געווען.

פראַנציסקע

(מיט אַ שמייכל)

טאַקע?

אַננעסע

יאָ. דאַמאָלס פלעגט ער אָפט זיין בײַ אונדז. שעהנווייז פלעגט ער אָפּזיצן און שפּילן אויף דער פּיאַנינע. דאַמאָלס איז ער געווען ייער אַ פריילעכער. ער איז אויך אַזעלכער, ווייזט אויס, געבליבן, נאָר די צייט פאַרברענגט ער ערגעץ־ווו אויף אַן אַנדער אָרט, נישט בײַ אונדז. נאָר ער וועט זיך נאָך צוריקקערן צו אונדז... און דאַמאָלס... (גליקלעך) וועט ער שוין פאַרבלײַבן, אמת?

פראַנציסקע

לאָמיר האָפן!

אַננעסע

לאָמיר האָפן, אַוודאי, לאָמיר האָפן! דאָס איז מיין גאַנץ לעבן, פראַנצי. אַך, ווי איך האָב אים ליב!... ווי ליב! ווייסט? איך בין גרייט צו חיינען...

פראַנציסקע

(גלעט זי איבערן קאָפּ)

אַ נ נ ע ס ע

ער ווייסט דאָס?

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(קוועטשט מיט די אַקסלען)

אַ נ נ ע ס ע

אַך, ווען איך זאָל האָבן אַ ברודער! איך וואָלט אַלץ געוווּסט פון אים

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איך ווייס אַ סך.

אַ נ נ ע ס ע

ווי מיינסטו?... איך... (שלאָגט זיך מיט דער דעה) קען איך האָבן? גאָט מיינער! וואָס לאַכסטו!

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איך פאַרשטיי דיך אויסגעצייכנט, טייערע! ווען ער וואָלט נישט געווען מיין ברודער, וואָלט איך אַליין מיך זיכער פאַרליבט אין אים.

אַ נ נ ע ס ע

(ערנסט)

זיכער.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(לאַכט)

ווי אַזוי וואָלטן מיר זיך דאַמאָלס איינגעטיילט?

אַ נ נ ע ס ע

מיר וואָלטן זיך דאָך ליב געהאַט איינע די צווייטע. ער וואָלט געדאַרפט באַשליסן. (גייט צו צו די בילדלעך) די זאַכן מאַכן מיך ווילד

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

וועלכע?

אַננעסע

אָט די דאָזיקע, און אָט די דאָזיקע, און... ווי מיינסטו, ער האָט זיי אַלע געליבט? (זי ציט אַרויס אַ בילדל)

פראַנציסק

ווי קען דאָס דיר גאָר איינפאַלן? ווייסט? וועגן דער וויס איך צופעליק, ווער זי איז; דאָס איז בראַנדערס אַ געוועזענע פריינדין.

אַננעסע

איך, אויף בראַנדערס אָרט, וואָלט געבעטן נישט אַרויסצושטעלן מיינע געוועזענע פריינדינס, און אָט די?

פראַנציסקע

נו, זע וואָס פאַר אַ קינד דו ביסט נאָך? דאָס איז דאָך שרעדער.

אַננעסע

נו, איז וואָס-זשע? פאַרדעם ווייל זי הייסט שרעדער...

פראַנציסקע

גאָרנישט. נאָר זי איז געבוירן אין יאָר 1787 און איז געווען אַ באַרימטע אַרטיסטין.

אַננעסע

זי לעבט נאָך?

פראַנציסקע

ניין! זי וואָלט שוין אַלט געווען 110 יאָר.

אַננעסע

נו, און צוואָס דאַרף מען די געשטאָרבענע דאָ פֿאָם שרייב-טיש?

פראַנציסקע

הער, טייערע, לאָמיר בעסער אַרויסקוקן דורכן פענסטער.

אַננעסע

(דראָט איר לייכט מיטן פינגער)

פראַנציסקע

נו, וואָס?

אַננעסע

עס ווייַנען דאָ אויך לעבעדיקע דאַמען.

פראַנציסקע

צו דעם וועסטו גאָרנישט העלפן.

אַננעסע

צום באַדויערן... צום באַדויערן... (ווי אַנטדעקנדיק עפּעס) און ער איז זייער אַ גוטער.

פראַנציסקע

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

אַננעסע

(פאַר זיך)

און דו ווייסט אַזוי גאָרנישט וועגן אַזאַ מענטש! ער גייט אַוועק און... ווו איז ער אַצינד, למשל?

פראַנציסקע

איך קען דאָס דיר זאָגן זייער פּינקטלעך. אויפן וועג צווישן פּאַווילאָן און קרייז־פּלאַץ, און אין פופצען מינוט אַרום וועט ער זיין אין דער היים.

אַננעסע

(שמייכלט גליקלעך, דערנאָך זאָגט זי)

און ווו וועט ער פאָרן היינט אין אָוונט?

פראַנציסקע

(קוועטשט מיט די אַקסלען, שמייכלענדיק)

אַננעסע

פאַרשטייסט? דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע. דעריבער וואָלט געווען

בעסער, אויב מיר וואָלטן געווען פאַרלאָפּט. דעמאָלט וואָלט ער אין די אָונטן, אָדער געווען בײַ אונדז, אָדער איך וואָלט געהען בײַ אים. איך וואָלט געווען אזוי רויק!

פּראַנציסקע

און נאָך בעסער איז חתונה צו האָבן.

אַגנעסע

גאָט, איך טראַכט אפילו נישט וועגען דעם. עס וואָלט שוין גוט גע־ווען, ווען מיר וואָלטן נאָר געהען פאַרלאָפּט. און ווייסט? איך וואָלט אים באַלד אַלץ מוחל געווען.

פּראַנציסקע

ווען וואָס דו רעדסט אַלץ.

אַגנעסע

נישט אמת? די אַלטע געשיכטעס — אָן זיי איז זיך גאָרנישט צו באַגיין יעדער פון אונדז האָט זיך זײַנע פלעקן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

פּראַנציסקע

יעדער פון אונדז?

אַגנעסע

יאָ, אויך יעדע פון אונדז. נאָר בײַ אונדז ענדיקט זיך עס אַנדערש.

פּראַנציסקע

וואָס רעדסטו?

אַגנעסע

יאָ, ווייל מיר זײַנען מיידלעך, פרייליינס, און ווער ווייסט... ווי דו זעסט, בין איך נישט זייער שטאָלץ מיט דעם, וואָס איך האָב אָפּגעהיט מײַן אומשולד.

פּראַנציסקע

און עס איז נישטאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן. עס האָט דען געקענט זײַן אַנדערש?

אַנגעסע

יאָ, און אַ חוץ דעם... ווען איך בין נאָך געווען גאָר אַ קליין מיי־דעלע, בין איך שוין געווען איינמאָל פארליבט... אין אונדזער לע־רער פון געאָגראַפיע.

פראַנציסקע

(מיט אַ שמייכל)

איך ווייס.

אַנגעסע

יאָ, אַצינד לאַך איך אַליין פון דעם, נאָר דאָס איז געווען זייער ערנסט. צום גליק האָט „ער" זיך באַוויזן! — „ער"!

פראַנציסקע

(שמייכלט)

אַנגעסע

און איבער די געדענקסט, פלעגט ער פריער אַזוי אָפט בײַ אונדז פאַרברענגען! און אַצינד דאַרף מען אים יעדעס מאָל איינלאַדן.

פראַנציסקע

די לעצטע יאָרן פאַרברענגט ער זייער זעלטן אין געזעלשאַפט

אַנגעסע

דערמאָנען מיר אים דען פרעמדע, די מאַמע און איך? אין די פאַר־גאַנגענע יאָרן, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, איז ער שטענדיק אָפגעזעסן בײַ אונדז. די מאַמע איז געווען זיין פאַרטרויענס־פריינדין. יאָ, אמת, אַזוי איז עס געווען. ער האָט איר זיכער דערציילט אַלץ, האָט מיט איר איז נאָר פאָרגעקומען. די מאַמע ווייסט מסתמא וועגן די אַלע, וועט זיי זענען אַזעלכע, די דאָזיקע פאַרשאָלטענע פרויען!

פראַנציסקע

(האָט אויפגעעפנט ביידע פענסטער. שטייט בײַם לינקן פענסטער)

די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען. דאָס צוריקפאָרן פון פּראָמער האָט זיך שוין געענדיקט!...

אַ נ נ ע ס ע

(שטייט לעבן פראַנציסקען)

מיר וועט מיר אויך מוזן אַלץ מוחל זיין.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(שמייכלט)

שוין, אַצינד גראָד איז דאָס אינטערעסאַנטסטע.

אַ נ נ ע ס ע

איך האָב דאָס פאַרדינט, פראַנצי.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(ביַיטט אַרום מיט דער לינקער האַנד אַננעסען אַרום די אַקסלען און ציט זי צום פענסטער)

איך ווייס, ווייס, לאָמיר מער נישט רעדן וועגן דעם.

אַ נ נ ע ס ע

דו ביסט אַזאַ קאַלטע, פראַנצי.

פ ר אַ נ צ י

ניין.

אַ נ נ ע ס ע

וואָס וועלן מיר אַצינד זען? דאָס גאַנצע אינטערעסאַנטע פּובליקום איז שוין פאַרבייגעפאָרן.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

גאָר איין אינטערעסאַנטער מענטש דאַרף פאַרבייפאָרן.

(זיי קוקן אין פענסטער)

ל ו ל ו

(קומט אַריין, דערזעט זיי, לויפט צו און רוקט אַריין זיין קאָפּ צווישן זיי)

פראַנציסקע

(כמעט דערשרעקענדיק זיך)

וואָס איז? וואָס איז געשען?

לולו

די אַלטע דאַמען זיינען מיר פאַרמיאוסט געוואָרן. ווייסט איר וואָס, לאָמיר שפּילן אין עפּעס.

אַגנעסע

אַזאַ גרויס יונגל און נאָך שפּילן זיך!

לולו

אַך, נישט אַזוי ווי דו מיינסט... דו מיינסט אין פּייער-קינצן, אָדער נאָך עפּעס אין אַזאַ שטייגער שפּיל! מיר וועלן שפּילן אין אַ געוועט. זעט! למשל... זעסט, אַגנעסע, דאָרט אויף יענעם אָרט בחיי קאַטשן... די, וועלכע וועט פריער צופאָרן צו אונדז, האָט געוווּנען. (ווייזט אויף דער גאַס אַרויס) אָט איז די גרענעץ. איך האַלט מיין געוועט פאַר דער לינקער קאַטש.

אַגנעסע

איך אויך.

לולו

נאָר דו דאַרפסט האַלטן פאַר דער צווייטער, דו...

אַגנעסע

נו, גוט.

לולו

אָט איז די גרענעץ.

אַגנעסע

וווּ?

לולו

אָט דאָרט, חו איך חייז אָן מיט דער האַנט, אָט... דו וועסט זיין די ריכטערין, פראַנצי, קוק אויפמערקזאַם.

פראַנציסקע

יאָ, איך קוק.

לולו

נו, דו קוקסט גוט... (מאַכט אַ באַוועגונג) או, שנעלער!

אַגנעס

די רעכטע מיידט אויס.

לולו

די לינקע.

אַגנעסע

ניין, מיינע.

לולו

נו! נו!

אַגנעסע

דיינע רירט זיך נישט פון אָרט. זע, ווי מיינע פליט.

לולו

עס איז נישט קיין קונץ! אזא קליין פריטשקעלע, און מיינע איז מיט פיר געזעסן. איך האָב דאָס נישט געזען פון דערווייטנס. אָך, קוק — זי יאָגט פונדערסטוועגן איבער.

אַגנעסע

פאָרויס!

לולו

מיינע.

אַגנעסע

און וואָס האָט מען זיך געוועט!

לולו

איב מען נעמט זיך נישט אויס, איז אין אַ צענער,

אַנגעסע

איך וועל געווינען.

לולו

זי פאָרט צו צו אונדזער הויף.

אַנגעסע

מיינע איז שוין אַריבערגעפאָרן די גרענעץ.

לולו

וואָס-זשע איז דאָס אַזוינס?

אַנגעסע

(זעצט זיך אויף אַ בענקל לעבן פענסטער)

איך האָב געוואונען.

לולו

מיינע האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם טויער.

פראַנציסקע

וואָס איז געשען?!

לולו

מענטשן קוקן אריין אין דער קאָטש. עמעצער גייט אַרויס. ווער איז דאָס דאָרט? (מיט שרעק) הוגאָ!

פראַנציסקע

גאָט מיינער!

אַנגעסע

(שטייט אויף אין טויט-שרעק און גייט צו צום פענס-טער. לאָזט אַרויס אַ געשריי)

אך!

(לויפן דורך די שטוב און פאַרשווינדן אין דער טיר רעכטס)

אַגנעסע

(שטייט אָן אויגנבליק לעבן פענסטער, דערנאָך כאַפּט זי זיך אָן באַם קאָפּ).

בעטי

(קומט אַריין)

וואָס איז געשען?

עמע

(קומט נאָך איר)

דאָס האָסטו אַזוי אַ געשריי געטון? וואָס איז מיט דיר?

בעטי

(באַמערקט, אַז אַגנעסע שטייט באַם פענסטער, און גייט אויך צו)

אָבער וואָס-זשע, וואָס איז דאָרט?

עמע

וואָס איז דאָרט?

בעטי

אונטן שטייט אַ קאַטש און אַ סך מענטשן.

אַגנעסע

הוגאָ... הוגאָ...

בעטי

(עפנט אויף דאָס מויל, ווי זי וואָלט געוואָלט אויס-שרייען, דערנאָך גייט זי אָפּ אין דער טיר רעכטס)

עמע

(צו אַגנעסע)

אָבער זאָג דאָך! וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

אגנעסע

מאַמע, מאַמע! אים האָט מען געברענגט!

עמע

יעמען, וועמען?

אַגנעסע

אַרויפֿגעטראָגן פֿון דער קאַטש... דונאַ..

עמע

אַ טויטן?

אַגנעסע

איך ווייס נישט... איך ווייס נישט...

עמע

(גייט אויך אַוועק רעכטס)

אַגנעסע

(שטייט אין אַ האַלב-באַוווסטלאָזן צושטאַנד, אָנגעשפּאַרט-דיק זיך אָן שרייב-טיש, און הערט זיך איין מיט שרעק. שוין נאָך ע מ ע ס ערשטער פֿראַגע הערט זיך אַ גערויש אויף די שטיגן. דאָס גערויש ווערט וואָס אַ מאָל שטאַרקער. עס הערן זיך שטימען אין פּאָדער-צימער. פֿון די שטיגן דערטראָגן זיך אויך קולות. פּלוצלינג פּראַלט זיך אויף אינגאַנג די ערשטע טיר רעכטס. אַגנעסע, וועלכע שטייט מיטן רוקן צו דער טיר, ציטערט אויף. זי דרייט זיך אויס. צוערשט קומט אַרײַן דאָס שטוב-מיידל שטאַרק צעטראָגן, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. אומבאַוווּסט פֿאַרוואָס, רוקט זי אַוועק די קאַפּע, דערנאָך גייט זי שנעל צו צו די פֿענסטער און פֿאַרמאַכט זיי. באַלד נאָך איר גייט אַרײַן אַ דאָקטאָר, דערנאָך לויפֿט אַרײַן פֿראַנציסקע און לויפֿט אין דער ריכטונג צו אַגנעסן).

פראַנציסקע

ער לעבט, ער לעבט! ער איז אַראָפּגעפאַלן פון פערד, נאָר ער לעבט!

הוגאָ

(האַלב פירט מען אים, האַלב טראָגט מען אים אַריין. עס האַלטן אים אונטער די מוטער און אן אומבאַקאַנטער. ער האָט צוגעמאַכטע אויגן און איז טויט בלאַס)

דאָקטאָר

הייסט עס, מיר וועלן אים דערווייל אַוועקלייגן דאָ.

אַנגעסע

(קוקט אויף הוגאָן מיט ברייט-געעפנטע אויגן, ווי זי דערקענט אים נישט אינגאַנצן)

פראַנציסקע

(לויפט צו צו דער סאָפע, העלפט צו אַוועקלייגן הוגאָן. די טיר איז נאָך אַלץ אָפן. עס גייען אַריין פרוי עמע און לולו, ווייטער זען זיך נאָך אַנדערע מענטשן, לולו, א פאַרווײנטער, קוקט זיך אַרום, פאַרמאַכט ביז ביידע העלפטן טיר)

דאָקטאָר

פריער פאַר אַלעם איז אומבאַדינגט נייטיק רו.

בעטי

(ווי זי האָט שוין איינמאָל געשטעלט די דאָזיקע פראַגע, פרעגט דעם דאָקטאָר)

קיין געפאַר איז נישטאָ? נישט אמת, האַ?

דאָקטאָר

עס איז נישטאָ קיין שום אויסערלעכע צעשעדיקונג. מאַדאַם, יעדנפאַלס דאַרף מען נישט אַזוי שנעל קומען אין פאַרצווייפלונג. (קוקט זיך אַרום: איסער פרוי בעטי, געפינען זיך נאָך אין צימער — פראַנ-

ציסקע, לולו, פרוי עמע, אגנעסע, עפעס א יונגער מענטש, דאָס שטוב־מיידל און דער אומבאַקאַנטער) איך בעט אייך... איר זעט דאָך אליין, פריילין... מען קען נישט...

פראַנציסקע

איך בין אַ שוועסטער!

לולו

(האָרפט זיך צו דער סאָפע)

הוגאָ!

דאָקטאָר

טייערענקער! גייט בעסער אַוועק!

לולו

עס איז דאָ אַ געפאַר?

דאָקטאָר

לאָמיר האָפן, אז נישט, נאָר איך בעט אייך זייער... די אין אינ־טיקן מאָמענט איז די נויטווענדיקסטע זאַך. און איר (וועגדט זיך צום אומבאַקאַנטן) ברענגט אונדז אַריין וואַסער.

אומבאַקאַנטער

(צעמישט)

איך בין נישט קיין הינעדיקער.

שטוב־מיידל

(גייט אַרויס)

פראַנציסקע

(גייט באַלד צו צום אומבאַקאַנטן)

אָך, דאָס האָט איר... מיר זיינען אייך זייער... (ווייל אים געבן גע

אומבאַקאַנטער

ניין, ניין, איך בעט אייך! מען דאַרף נישט... איך האָב דאָס אַזוי.

(אָפּ)

עמע

גיעגדט זיך צו אַגנעסען, נאָכדעם ווי דער דאָקטאָר האָט

אויף זיי אַ שנעלן בליק געטון)

טייער קינדעלע מיינס!

פראַנציסקע

(גייט צו צו אַגנעסען, נעמט זי אַרום)

עס וועט איר זיכער בעסער ווערן.

בעטי

ער האָט אויפגעעפנט די אויגן.

פראַנציסקע

ער האָט אויפגעעפנט די אויגן.

אַגנעסע

(אויף איר פנים שוועבט אַ שטראַל האָפנונג)

עמע

(צו בעטין)

איך פאָר שוין נאָך דיין מאַן.

בעטי

זיי אַזוי גוט.

עמע

קום אַגנעסע!...

אַגנעסע

(שלאָגט זיך מיט דער דעה)

עמע

קום, מיר וועלן זיך באַלד אומקערן.

בעטי

(גריסט צו די אַוועקגייענדיקע)

הוגאָ

(האָט געעפנט די אויגן און קוקט זיך אַרום)

בעטי

הוגאָ!

לולו

הוגאָשי! הוגאָשי!

דאָקטאָר

גייט אַוועק אַצינד, טייערענקער!

הוגאָ

(שמייכלט שוואַך)

לולו

ער לאַכט!

דאָקטאָר

(צערטלעך, אָבער ערנסט, מאַכט פראַנציסקען אַ צייכן מיט די אויגן, זי זאָל אַוועקפירן לולון)

פראַנציסקע

(לייגט אַוועק לולון די האַנט אויפן קאָפּ)

קום, לולו! דו ביסט דאָך אַ קלוג יונגל. דער דאָקטאָר פאָדערט.

(גייט אַוועק מיט אים. ער קוקט זיך אים)

הוגאָ

(איינגאַנצן שטיל)

איך געדענק אויסגעצייכנט, ווי אַזוי מען האָט מיך אַריינגעטראָגן.

בעטי

איינציקער מיינער! טוט דיר עפּעס וויי, וואָג?

לולו

(האָט זיך ווייטער אויסגעריסן, ווי נאָר ער האָט דער- הערט הוגאָס קול)

ד אָ ק ט אָ ר

(מאַכט אים אַ צייכן ער זאָל אַוועקגיין)

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(גייט אַרויס מיט לולון און קערט זיך אום אַליין)

ב ע ט י

זאָג, מיין טייערער, ווי אַזוי איז דאָס געשען?

ה ו ג אָ

דאָס פערד.. איך ווייס נישט פאַרוואָס...

ד אָ ק ט אָ ר

איך בעט אייך, רעדט נישט אַצינד!

ה ו ג אָ

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

(פראַנציסקע קומט אַריין, נאָך איר — דאָס שטובּ-מיידל מיט וואַסער, אייז און אַנדערע זאכן)

ד אָ ק ט אָ ר

(גרייט צו אַ קאָמפּרעס)

ה ו ג אָ

איך פיל כמעט נישט קיין ווייטיק.

ב ע ט י

דאָס איז גוט.

ה ו ג אָ

(קוקט אָנגעשטרענגט אויף פראַנציסקען, דריקט איר די האַנט)

נאָר אָט איז עפּעס אַנדערש...

ב ע ט י

דער דאָקטאָר הייסט דיך נישט רעדן, הוגאָ!

הוּנאָ

עפּעס אַנדערש... אַלץ... אַלץ... די שטוב דרייט זיך...

דאָקטאָר

יאָ... דער קאָפּ דרייט זיך אַ ביסל... און עס איז דאָך נישט קיין וווּנדער — נאָך...

הוּנאָ

דאָס איז געווען אַזוי לאַנג!

בעטי

(אומרויִק)

וואָס?

הוּנאָ

נישט אמת? עס זײַנען שוין אַריבער עטלעכע טעג... וויפיל צײַט בין איך אַזוי אָפּגעלעגן? עטלעכע טעג?... אַ חָדש?...

בעטי

וואָס רעדסטו, טײַערער?

דאָקטאָר

איר זענט געווען נישט מער, ווי איין פערטל שעה אָן באַוווּסטזיין.

הוּנאָ

יאָ! ווי מאָדנע דאָס איז: מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל שטאַרבן.

בעטי

(ציטערט אויף, קוקט אויפן דאָקטאָר)

פראַנציסקע

(בייגט זיך אָן צו אים)

הוּנאָ!

דאָקטאָר

הער לאָזט, איר זענט אומדאַנקבאַר, באמת אומדאַנקבאַר. איר האָט

מיר-האָס אויפגעוואַכט, פילט זיך זייער גוט. און דערציילט נאָר אייער מוטער צוליבע זאַכן.

הוגאָ

איר ווייסט עס נישט, הער דאָקטאָר! ווער זענט איר?

דאָקטאָר

איך האָב מיך פאַרגעסן פאָרצושטעלן. אַנטשולדיקט, איך בעט אייך! (ווענדט זיך צו די דאַמען) דאָקטאָר בערנשטיין! איך בין צופעליק געווען... נאָר דאָס איז נישט זייער וויכטיק, נישט אמת?

בעטי

הער דאָקטאָר, ווי אַזוי זאָלן מיר אייך...

דאָקטאָר

דערנאָך.

הוגאָ

איר קענט דאָס נישט וויסן, הער דאָקטאָר!

דאָקטאָר

(שפאַצנדיק)

ס, מיר דאָקטוירים ווייסן איבערהויפּט אַלץ.

הוגאָ

און אויב איר ווייסט אַפילו, קענט איר אויך גאָרנישט זאָגן. און (ווייזט אויפן קאָפּ) דאָרט...

בעטי

טוט ווי!

הוגאָ

ניין... נישט ווי... נאָך ערגער. איך ווייס אַליין נישט, וואָס... װאָרוואָס איז אַזאַ ליאַרם? און... אַך, דאָס... מאַמע, מאַמע...

בעטי

איינציקער מיינער!

הונאָ

(אויף זיין פנים איז צו זען, אַז עס איז אים איינגע־
פאַלן עפּעס זייער, זייער וויכטיקס)

מאַמע...

(ער הילט, ווי עס ווייזט אויס, זיך אונטערהייבן)

פראַנציסקע

ליג, הייב דיך נישט אויף!

דאָקטאָר

איך בעט אייך, זייט נישט אַזוי אומגעדולדיק.

הונאָ

איך קען נישט לענגער וואַרטן. מאַמע, איך דאַרף מיט דיר עפּעס
רעדן. דער טאַטע איז שוין געקומען!?

בעטי

די מומע עמע איז געפאָרן נאָך אים.

פראַנציסקע

ער קען יעדע מינוט קומען.

הונאָ

איך דאַרף מיט דיר עפּעס רעדן, מאַמע.

דאָקטאָר

וואָלט נישט בעסער געווען דאָס אָפּצולייגן ביז מאָרגן?

הונאָ

עס וועט זיין צו שפּעט. עס קען זיין, אַז עס איז שוין צו שפּעט.
און איך וועל ווידער... (מאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט געהאַלטן באַם
אָנהערן דאָס באַוווסטזיין) און דאַמאָלס... ווער ווייסט צי איך וועל
נאָך צוריקקומען צום באַוווסטזיין

דאָקטאָר

איר רעדט ווי אַ קינד.

הונא
איך דאַרף רעדן מיט דער מוטער, שוין! (מיט עקשנות) שוין!

דאָקטאָר
(אַ קלער טוענדיק)
..גו, אויב נישט זייער לאַנג..

הונא
עטלעכע ווערטער, נאָר איך מוז זי זאָגן...

דאָקטאָר
קומט, פריילין!

בעטי
(זייער אויפגעדרעגט, קוקט מיט אַ פראַגע אויפן דאָקטאָר.
דער דאָקטאָר מאַכט איר אַ צייכן, זי זאָל אויסהערן
דעם קראַנקן. דאַמאָלס ווערט איר אומרויִקייט נאָך גרע-
סער. זי דרינגט פון דעם אַרויס, אַז דאָס פאַרגעפיל
נאַרט הונאָן נישט אָפּ. דער דאָקטאָר דרייט זיך אויס
און גייט אַרויס מיט פראַנציסקען דורך דער טיר רעכטס.
עס ווערט פינסטער)

הונא
(הייס אָנכאַפּנדיק די מוטער בײַ דער האַנד)
איך האָב אַ קינד! דו מוזט עס נעמען צו זיך!

בעטי
(קוקט אויף אים, ברייט אויפעפענענדיק די אויגן. איר
פנים דריקט אויס נישט קיין שרעק, נישט קיין פאַר-
וואונדערונג; זי איז נאָר ווי דורכגעדרינגען מיט דעם
באַוווסטזיין וועגן דער וויכטיקייט פון דעם מאָמענט)

הונא
האָסט מיך פאַרשטאַנען?

בעטי

(שאָקלט צווײ מאָל מיטן קאָפּ, אָלץ מיט דעם זעלבן אויסדרוק)

הונאָ

איך האָב אַ קינד. ווען איך וועל שטאַרבן, דאַרפט איר עס נעמען צו זיך.

בעטי

(ווי געפינענדיק אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן)

דו וועסט נישט שטאַרבן!

הונאָ

לאָמיר נישט אָנווערן קיין צייט! דאָס פּייניקט מיך. זאָג — יאָ! זאָג מיר צו.

בעטי

יאָ!

הונאָ

דו — יאָ, דו, (קושט איר די הענט) מיין גוטע מאַמע! אַנדערע זיינען אויך גוטע... גאָט... גאָט מיינער! באַמי דיך מיך צו פאַרשטיין אַצינד.

בעטי

דערציייל מיר אַלץ, מיין טייערער!

הונאָ

דו דאַרפסט אַ סך פאַרשטיין. דאָס איז נישט גלאַט עפּעס אַ געוויינטלעכע... די זאַך איז נישט אַזוי איינפאַך.

בעטי

דערציייל מיר אַלץ!

הונאָ

דאָס קינד טאָר מען בײַ איר נישט צונעמען. עס קאָן נישט זיין אָן איר, און זי קען נישט לעבן אָן דעם קינד.

בעטי

וואָס? וואָס?

הונאָ

גאָט! ווען איך וואָלט געוועזן איבערצייגט, אַז איך האָב נאָך צייט! גוסטאַוו ווייסט אַלץ. דו פּרעגסט אים. מען דאַרף שיקן נאָך אים.

בעטי

הונאָ, דו האָסט נאָך פאַר דיר דאָס גאַנצע לעבן!

הונאָ

ווי לאַנג וועט דאָס זיך נאָך ציִען, ווי לאַנג? איך בעט דיך, הער מיך גוט אויס. זיי ביידע דאַרפן דאָ אַהערקומען.

בעטי

וואָס?

הונאָ

ביידע, שוין, אַנדערש קען איך נישט רויִק... אַנדערש וועל איך נישט גלייבן... דיר, מאַמע, וועל איך גלייבן, נאָר די אַנדערע... נישט אַלע וועלן קענען פאַרשטיין. זיי ביידע דאַרפן דאָ אַהערקו־מען: מיין זון און זי.

בעטי

די מוטער?

הונאָ

יאָ, זיי דאַרפן זיין דאָ. איך דאַרף זיי דאָ. (ווי מיט עקשנות ווייזט ער אַן אָרט פאַר דער סאָפע) דאָ דאַרף איך זיי ביידע זען. אַנ־דערש וועל איך נישט גלייבן, אַז איר וועט זיי איבערלאָזן דאָ בײַ זיך. און איר דאַרפט דאָס טון. ווייסט, איך קען זי נישט איבער־לאָזן איינע אַליין מיטן קינד, דאָס איז אוממעגלעך! זי וועט אויף דעם נישט... ווייסט, מאַמע! זי איז אַ קלוגע, נאָר אינגאַנצן נישט קיין זעלבסטשטענדיקע, און טײַלמאָל אַליין ענלעך צו אַ קינד...

און דאָס קינד איז זייער אַ שוואַכס, ווייסט מאַמע — ער איז אַזאַ גוטעטשקער, נאָר אַ בלייכער, און אָן מיר זיינען זיי אַזוי עלנט, אינגאַנצן עלנט!

בעטי

(לייכט כליפענדיק)

פאַרוואָס האָסטו קיינמאָל וועגן דעם נישט דערציילט?

הונאָ

מיין גוטע מאַמע. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט, וואָלט איך אייך אַלע געוואָלט וועגן דעם דערציילט. די איז אַזאַ גוטע! מאַמע, פונקט אַזאַ גוטעטשקע, ווי פראַנצי, און איך בין אין אַ סך קעגן איר שולדיק. און פון דאַמאָלס אָן, זינט מיר האָבן דאָס קינד...

בעטי

ווי אַלט איז ער?

הונאָ

אין מערץ איז ער אַלט געוואָרן פיר יאָר.

בעטי

ער איז שוין אַלט פיר יאָר?

הונאָ

יאָ... הייסט עס וועלן זיי באַלד קומען..., שוין! — ווען דו וועסט זיי דערזען...

בעטי

וו זיינען זיי? וו זיינען זיי?

הונאָ

נאָנט!... שיק נאָך זיי. גיב מיר אַ בלייפעדער מיט פּאַפּיר. איך וועל אויפשרייבן דעם אַדרעס.

בעטי

(גייט שנעל צו צום שרייב-טיש, ברענגט פאַפּיר מיט אַ בלייפעדער)

הוגאָ

(וויל שרייבן)

גאָט, איך קען נישט.

בעטי

זאָג-זשע מיר.

אַראָלף לאָזאַטי

(קומט מיט אימפעט אַריין)

אַראָלף

(נאָך אין דער טיר)

אַך, הוגאָ, וואָס איז דאָס פּאַר אַ נייעסן. מעג מען אַזוי איבערשרעקן עלטערן? הוגאָ, הוגאָ! האָסט אַוודאי ווידער געמוזט מאַכן דיינע קונצן... געשפּרונגען איבער גריבער אויף אַ ווייניק-אויסגעריטן פערד.

בעטי

(מאַכט אים אַ צייכן, ער זאָל נישט רעדן אַזוי הויך און אַזוי פיל)

אַראָלף

נו, גוט, איך וועל איבעררעדן מיטן דאָקטאָר. איר האָט געשיקט נאָך שמידן, אָדער נאָך אַ וועלכן עס איז אַנדערן?

בעטי

דאָקטאָר שמיד דאַרף באַלד קומען. ער איז דאָ נישט לאַנג געווען און געדאַרפט נאָך מאַכן אַ וויזיט דאָ נישט ווייט, דו האָסט נישט געזען עמען?

אַראָלף

עמען! ניין. איך קום גלייך פון דער זיצונג. פאַרוואָס האָט איר נישט

געשיקט נאָך אַ פּראָפעסאָר? כאָטש נאָך גרובנערן, ער איז אַ ספּעציאַליסט אויף...

חוגאַ

איך בעט דיך, טאַטע, מען דאַרף זיסן. דאָס איז אינגאַנצן איבעריק.

אַדאָלף

הייסט עס, האָט מען נישט געשיקט? נאָך קיינעם נישט געשיקט? צי דען האָט איר אַלע אָנגעוווירן די קעפּ? איך וועל שוין אַליין פאָרן, יאָ...

הוגאַ

בלייב דאָ, טאַטע.

אַדאָלף

איך האָב קיין שום צוטרוי נישט צו דעם הער. וואָס איז דאָס פאַר אַ דאָקטאָר, וועלכער לאָזט דיך אַליין!

הוגאַ

ער הייסט, אַז איך דאַרף מער גאָרנישט.

אַדאָלף

אויב עס איז אַפילו נישטאָ קיין געפאַר, ווילן מיר דאָך זיין רוּיק, און מיך קען נישט בארויקן קיין פרעמדער דאָקטאָר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיין זון.

הוגאַ

מאַמע, זאָג דו דעם טאַטן וועגן וואָס...

אַדאָלף

וואָס רעדסטו, טייערענקער? ווען אַ מענטש פאַלט אַראָפּ פון אַ פערד איז ווייניק בלויז מוטערלעכע ליבע. עס איז נאָך אַן אומגעהייער גליק, וואָס דו האָסט דיר גאָרנישט צעבראָכן.

בעטי

איך בעט דיך, אַדאָלף, הער מיך נאָר אויס איין מינוט. דאָס יונגל

האָט זיך אַ־ייַנגעפּאַקט אין קאָפּ פאַרשידענע נאַרישקייטן.

הינדאָ

(איילנדיק)

הער אויף, מאַמע!

בעטי

נו, הינדאָ, איך מוז דאָך...

הינדאָ

(ווי מיט שרעק)

איך קען נישט וואַרטן.

בעטי

ער וויל... זען זיין געליבטע.

אַדאָלף

ער וויל... וויל... ווען עס וועט זיין די צייט אויף דעם. זי קענסט דען אויפשטיין?

הינדאָ

(דרייט מיטן קאָפּ)

אַדאָלף

נו, איז אין וואָס-זשע גייט עס? מען וועט איר צו וויסן טון, עס האָט זיך דאָך שוין געטראָפן מסתמא, אַז זי האָט זי געלאָזט וואַרטן.

הינדאָ

מאַמע... איך... נו, דערציייל-זשע, מאַמע.

בעטי

הער מיך אויס רויק, אַדאָלף. דו זעסט דאָך, ווי ער רעגט זיך אויף.

אַדאָלף

דו מוזט דאָך איינשטימען, אַז אין איצטיקן מאָמענט זיינען דאָ אַ סך וויכטיקערע זאַכן, ווי אַ געליבטע, ווי שיין זי זאָל נישט זיין, מען דאַרף דאָך...

בעטי

ער וויל, אַז זיין געליבטע און זיין קינד...

אַדאָלף

(מאַכט אַן אָפּגעהאַקטע באַוועגונג)

בעטי

זאָלן דאָ אַהערקומען.

אַדאָלף

דאָ אַהער... זיין קינד... דו האָסט אַ קינד?... דאָ אַהער?..
וואָס באַדייט דאָס אַלץ?

בעטי

ער וויל, אַז מיר זאָלן נעמען צו זיך אין הויז אַריין דאָס קינד
מיט דער מוטער.

אַדאָלף

אַז מיר זאָלן נעמען? אַז מיר זאָלן נעמען?..

(מיט באַוועגונגען)

הונאָ

און איך וויל נאָך איינמאָל זיי ביידע זען... מעגלעך... אַז איך
וועל שטאַרבן.

אַדאָלף

מעגלעך. אַז דו וועסט שטאַרבן? (צו בעטין) און דו ביסט איינשטי-
מיק מיט דעם יונגל? און זיינע... און זיינע נאַרישקייטן... נאָך
איינמאָל זען פאַרן טויט... פאַרן... דאָס איז דאָך... זען דעם
אַזוי אויס מענטשן...

הונאָ

איך בעט דיך, טאַטע...

(אַדאָלף און בעטי בייטן זיך מיט די בליקן)

ב ע ט י

דו זעסט דאָך, אַדאָלף, אַז ער וועט זיך נישט באַרויִקן, כּל-זמן מיר וועלן נישט דערפילן זיין קאַפּריז... הייסט עס...

אַ ד אָ ל ף

איר קענט פון זינען אַראָפּפירן, אינגאַנצן פון זינען אַראָפּפירן! דאָס ערשטע מאָל אין לעבן הער איך, אַז ער האָט אַ קינד. איך האָב מיר געקענט פאָרשטעלן, אַז ער האָט אַ געליבטע... איך ווייס, אַז יונגע מענטשן האָבן געליבטע... נאָר וואָס טוט מען מיטן קינד? איר ביידע זענט עפּעס אַזעלכע מערקווירדיקע. אַצינד איז דאָך דאָס וויכטיקסטע, אַז דאָס יונגל זאָל געזונט ווערן. דאַמאָלס וועלן מיר קענען רעדן וועגן דעם אַלעם איבעריקן.

ה ו ג אָ

איך האָב שוין געזאָגט: זיי דאַרפן דאָ אַהערקומען — מיין קינד און זי, כּדי אַלץ זאָל זיין איינגעאָרדנט, אין פאַל, אויב איך וועל שטאַרבן...

אַ ד אָ ל ף

(כאַפּט זיך באַם קאָפּ)

ב ע ט י

דיקטיר...

ה ו ג אָ

קייזער-יאָזעף-גאַס נומער 15, דריטער שטאָק, לינקס... טאָניע וועבער...

ב ע ט י

אויפגעשריבן.

אַ ד אָ ל ף

נו... (נעמט באַ איר דאָס פּאַפּיר) נו, וואָס אַצינד טאָן?

הונאָ

שיקן.

אַדאָלף

ווי אַזוי? מיט וואָס פאַר אַן אויסרייד?

הונאָ

מען דאַרף נישט קיין שום אויסרייד.

אַדאָלף

יונגל, האָסט אַ שוועסטער...

הונאָ

איך בין גליקלעך מיט דעם.

אַדאָלף

(אָננעמענדיק פּלוצלינג אַ באַשלוס)

עס איז אוממעגלעך!

הונאָ

שיק גיכער, מאַמע... אַז נישט וועט זיין שפּעט.

אַדאָלף

(אין דער צייט וואָס בעטי וויל נעמען בײַ אים דאָס פּאַפּיר)

נו, וועמען וועסטו שיקן? מען קען דאָך נישט שיקן דאָס שטוב-מיידל ברענגען דעם יונגן הערס געליבטע מיטן קינד. אויף אַזוי פיל איז דאָך נאָך געבליבן בײַ אייך שכל!

הונאָ

אום גאָטעס ווילן, טאַטע! אַצינד טאָר מען נישט טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן.

אַדאָלף

אַצינד קען מען נישט, אַצינד קען מען נישט, און מאָרגן? און איבער־

מאָרגן? ווען דיין אויפרעגונג וועט זיך איינשטילן, דאַמאָלס וועט מען דאָס שוין נישט קענען פאַררעכטן... דאַרפסטו דען גאָר גמעצן אַ חוץ דיינע אייגענע, וואָס זאָל אַרומגיין אַרום דיר?

הוגאָ

טאַטע!

בעטי

אַדאָלף! אַדאָלף!

אַדאָלף

איך וועל אַליין גיין.

בעטי

דו?

אַדאָלף

יאָ, איך! איך האָב נישט ליב אַזעלכע זאַכן זאָלן זיך אַרומטראָגן צווישן דער דינערשאַפט, און פראַנצין וועלן מיר זאָגן, אַז דאָס איז אַ וועכטערין.

הוגאָ

פאַרוואָס?

אַדאָלף

איך בעט אייך, אַזאַ קלייניקייט קענט איר דאָך טון פאַר מיר מאָרגן וועט איר זיין זייער צופרידן, וואָס כאָטש איינער פון אונדז האָט נישט אָנגעוווירן דעם קאָפּ. עס וואָלט גאָרנישט געווען קיין ווונדער, ווען אויך איך זאָל געווען אַראָפּ פון זינען! קומסט אהיים אַ מידער... און וואָס טרעפסטו? אַ זון, וועלכער האָט שיער נישט צעבראָכן האַלדז און נאַקן, און דערציילט אומגלייבלעכע...

בעטי

אַדאָלף!

הונאָ

און דאָס קינד? אַלס ווער וועט קומען דאָס קינד?

אַדאָלף

יאָ, דאָס איז אַ פראַגע.

בעטי

ניי, אַדאָלף, נאָך זיי. וואָס אַמבאַלאַנגט פראַנציסקען, נעם איך אַלץ אויף מיר.

אַדאָלף

גאָט מיינער! גאָט מיינער! וואָס פאַר אַ מערקווירדיקע מענטשן איר זענט (לייענט) — אַנטאָנינע וועבער.

הונאָ

גיי־זשע.

אַדאָלף

ער האָט זי איינגעאָרדנט עטלעכע טריט פון אונדז. הוגאָ, ווי מיינסטו... האָט נאָך וועלכער פּאָטער געטון אַזאַ ענלעכע זאַך פאַר זיינס אַ זון?

הוגאָ

אַ דאַנק.

אַדאָלף

און עס איז דאָך נישט מער, ווי אַ קאַפּריז, אַ משוגענער איינפאַל...
(קלויבט זיך אַהעקצוגיין)

פראַנציסקע

(קומט אַריין)

דו גייסט ווידער אַוועק, טאַטע? וואָס איז מיט אים?

אַדאָלף

(גייענדיק)

טייערע, איך גיי נאָך אַ וועכטערין. הוגאָ פאַרזיכערט, אַז זי... צום

ווידערזען, צום ווידערזען. (צום דאָקטאָר) ער פילט זיך אַצינד ווייער גוט... נישט אמת, דאָס נעפּאַר איז אַריבער?

דאָקטאָר

מען דאַרף איבערוואַרטן, העָר פּראָפעסאָר!

(אַדאָלף אָפּ. עס איז געוואָרן פינסטער)

הונגאָ

(צו בעטין)

מיר וואָלט זיך זייער געוואָלט, אַז גוסטאַוו...

בעטי

ער איז דאָ געווען היינט נאָך מיטאָג. ער איז צוגעפאָרן נאָך דיר.

דאָקטאָר

(צו הוגאָן)

איר פילט זיך בעסער

הונגאָ

יאָ. נאָר נישט אַזוי, ווי...

פראַנציסקע

וואָס-זשע איז מיט דיר?

הונגאָ

מיין ליבע, ליבע פראַנצי.

דאָקטאָר

(זעצט זיך לעבן אים און ציילט דעם דופק)

הם... דערווייל האָב איך מער גאָרנישט צו טון. איר האָט שוין גע-שיקט נאָך אייער הויז-דאָקטאָר?

בעטי

ער איז אונדזערס אַ הויז-פריינט און קען יעדע מינוט אָנקומען.

(דאָס שטוב-מיידל טראָגט אַריין צוויי אָנגעצונדענע ליכט און שטעלט זיי אַנידער אויפן שרייב-טיש)

דאָקטאָר

(איז צוזאַמען מיט בעטין אַוועקגעגאַנגען אין אַ זייט)

איך וואָלט מיך זייער געוואָלט מיט אים דורכשמועסן.

בעטי

איך וועל אייך זייער בעטן, הער דאָקטאָר, צו בלייבן בײַ אונדז. איר רופט אַרויס בײַ מיר גרויס צוטרוי.

דאָקטאָר

איר זענט זייער גוטהאַרציק, מאַדאַם. אין אַ שעה אַרום וועל איך...

בעטי

(מיט באַדויערונג)

אַך!

דאָקטאָר

אין אַ האַלבע שעה אַרום, וועל איך זײַן צוריק. ווי אַזוי איז אײַער דאָקטאָרס פאַמיליענאָמען?

בעטי

דאָקטאָר פערדינאַנד שמיד.

דאָקטאָר

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

אַ, נעסבוימס געוועזענער אַסיסטענט?

בעטי

יאָ.

דאָקטאָר

איך בעט אייך, גיט אים איבער, אַז איך בין צופעליק געווען אויפן אָרט פון דער פּאַסירונג און אַז איר האָט מיך געבעטן צו קומען נאָך אַמאָל.

בעטי

געווים, נאָר פאַרוואָס...

פראַנציסקע

איך האָב טאקע אזוי געטראַכט, אַז דאָס איז דיין קינד.

בעטי

דו קענסט עס?

הונאָ

דו קענסט?

פראַנציסקע

יאָ, הוגאָ... איינמאָל האָב איך אייך געזען פאַראיאָרן. מיר האָבן זיך צוריקגעקערט פון טעאַטער אַהיים: דער טאַטע, די מאַמע און איך. און דו ביסט פאַרבייגעגאַנגען פאַר אונדז אויפן קרייז-פּלאַץ אין פּאַרק: דו, דאָס קינד און זי.

בעטי

פון וואַנען האָסטו געוווסט?

הונאָ

דו האָסט אונדז דען געקענט גוט זען?

פראַנציסקע

עס איז געווען זייער פינסטער... די מאַמע האָב איך געזען. זי האָט זיך פונקט אויסגעדרייט צו אונדז מיטן פּנים. מיר דאַכט זיך, אַז זי איז זייער אַ שיינע.

הונאָ

און אַ גוטע. דו וועסט זי ליב קריגן, פראַנצי.

פראַנציסקע

יאָ. און דו וועסט לעבן.

הונאָ.

ניין... דאָס... אָך... וואָס איז דאָס אַזוינס? ציגד אָן...

הונאָ

(ווערט אָן דאָס באַוווסטזיין)

בעטי

הוגאָ, הוגאָ!

פראַנציסקע

באַרויִק דיך, מאַמע, זע, ער אָטעמט פאָלשטענדיק רויִק. גיב אַ קוק... הער...

(אַ שטילשווייגן. אַדאָלף לאַזאַטי גייט אַריין, נאָך איִם מאָניע. זי באַמערקט הוגאָן אויף דער סאָפע און וויל צוגיין צו אים)

מאָניע

הוגאָ! מיין הוגאָ!

אַדאָלף

איך בעט אייך, פריילין... האַלט אייך אין דער מאָס: די מוטער און די שוועסטער זיינען אויך דאָ.

מאָניע

(לויפט צו צו די דאַמען)

איך בין מאָניע העבער.

בעטי

זעט איר, פריילין, ער האָט זיך אַ ביסל פאַרגעסן.

מאָניע

זאָגט מיר, אום גאָטעס ווילן, ווי אַזוי איז דאָס געשען מיט אים?

פראַנציסקע

ער איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ פערד.

מאָניע

דאָס ווייס איך.

אַדאָלף

דערלויבט מיר, איך בעט אייך אויף איין מינוט...

ט אָ נ י ע

א דאָקטאָר איז שוין געווען?

אַ ד אָ ל ף

זייט זיכער, פריילין, אַז אַלץ, וואָס עס איז נייטיק געווען...

ט אָ נ י ע

דער דאָקטאָר שמיד?

אַ ד אָ ל ף

אָם באַדויערן נישט ער.

ב ע ט י

אַן אַנדערער איז דאָ געווען.

ט אָ נ י ע

אַך, דאָס איז גוט. וואָס האָט ער געזאָגט? עס איז געפערלעך? פאַרוואָס האָט ער מיך געוואָלט זען! הייסט עס, אַז עס איז יאָ געפערלעך.

אַ ד אָ ל ף

ער האָט זיך אַזוי איינגערעדט, פריילין, און פאַר יעדע פרייז געוואָלט...

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

און ווו איז דאָס קינד?

ט אָ נ י ע

גאָט מיינער! עס איז געווען אויפן שכנישן הויף... די קינדער האָבן עס אַהינגענומען שפּילן זיך... און איך האָב מיך זייער בפּ־איילט, איך זאָל נאָך געווען האָבן צייט צוצוגיין דערנאָך... ווען דער הער פּראָפעסאָר, ווען איר זענט אַריינגעקומען צו מיר אין שטוב... האָב איך מיך שרעקלעך דערשראָקן, דערזעענדיק אייך פּלוצלינג בײַ זיך.

פראַנציסקע

איר האָט געקענט דעם פּאָטער?

טאָניע

אָך, איך קען אייך אַלע. ווי אָפט פלעג איך אייך זען, באַזונדערס אייך, פרייילין... אָך, זעט נאָר, ער וואַכט אויף! הוגאָ!

אַדאָלף

איך בעט אייך, לאָזט די נאַטור טון איר זאַך... לאָז ער דרעמלען...

הוגאָ

(עפנט די אויגן, זעט טאָניען, זי בייגט זיך אָן צו אים)

דו ביסט דאָ, מיין פרייד!

טאָניע

הוגאָ!

(ער קוקט אויף איר מיט צערטלעכקייט, זי אויך אים מיט שרעק)

אַדאָלף

(זאָגט פראַנציסקען, וועלכע ער האָט צוגערופן מיט א בליק)

טייערענקע... ווייסט... איך האָב אים נישט געקענט צופּאַגן... פראַנקע האָבן מאָדנע קאפריזן

פראַנציסקע

אַמזיסט אַנטשולדיקסטו זיך.

הוגאָ

און דאָס קינד? וווּ איז מיין קינד?

טאָניע

איך האָב נישט באַוויזן צוצוגיין דערנאָך... איך...

הוגאָ

חוי-ושע איז עס?

ט אָ נ י ע

די שכנישע קינדער זיינען צוגעקומען דערנאָך.

ה ו נ אָ

האָסט עס נישט באַדאַרפט אַזוי אָפּלאָזן. הער! איך האָב דאָך דיך אַזוי פיל מאָל געבעטן וועגן דעם. די קינדער זיינען צו ווילד. דאָס קינד וועט נישט קענען אויסהאַלטן זייערע ווילדע שפילערייען. (צו בעטין) זעסט, מאַמע, וואָסערע זי איז?... אמת, פונקט ווי אַ קינד? מען טאָר זיך אינגאַנצן נישט פאַרלאָזן אויף איר, זי לאָזט אָפּ דאָס קינד...

ט אָ נ י ע

(נישט פאַרשטייענדיק אים)

און וואָס גייט עס?

(ווענדט זיך צו די איבעריקע, דערביייקע)

ה ו נ אָ

ברענג עס מיר שוין אַהער.

ט אָ נ י ע

דערלויב מיר צו בלייבן לעבן דיר. איך קען דאָך בלייבן לעבן אים?

ה ו נ אָ

דו וועסט אויף שטענדיק בלייבן דאָ. דו וועסט וווינען דאָ, פונקט ווי דו וואָלסט געווען מיין פרוי — ווייס דאָס... (צו דער מוטער) זי האָט אַזוי פיל באַדייט פאַר מיר, פיל מער, גלויב מיר, מאַמע!

ט אָ נ י ע

הונאָ! גאָט מיינער! וואָס רעדסטו!...

ה ו נ אָ

נאָר אַלץ דאַרף באַשטימט ווערן פריער, איידער... זיי האָבן שוין צוגעזאָגט, טאָניע, נאָר איך מוז אייך דאָ... דאָ... און איך וויל

נאָך איינמאָל אַ קוש געבן מיין יונגעלע, יאָ, נאָך איינמאָל אַ קוש געבן מיין וון איידער... גיי, גיי, גיי!

טאָניע

(אָנבייגנדיק זיך איבער אים)

הונאָ!

פראַנציסקע

איך בעט אייך, פריילין, גייט וואָס שנעלער! אז איר, אַז איר (פירט זי אוועק, איינהאַלטנדיק מיט גוואַלט די טרערן) וואָלט אים נאָך טרעפן...

הונאָ

(איינגאַנצן אָן באַוואוסטזיין)

בעטי

(לעבן אים)

פראַנציסקע

(גייט צוריק צו דער סאַפע)

אַראָלף

(גייט שנעל הין-און-צוריק איבער דער שטוב. אינגיכן קומט אַריין לולו, אַ ביסל שפּעטער דאָקטאָר פערדינאַנד שמיד)

לולו

(לויפט אַריין)

בעטי

שש... שש...

לולו

וואָס איז מיט אים?

אַראָלף

דאָס איז נישט צום פאַרגעבן, וואָס איר האָט נישט געשיקט נאָך

װעלכן עס איז פראָפעסאָר. גרובנער װאָלט מאָמענטאַל געװען גע־קיסט, װען מען װאָלט אים נאָר געװען געזאָגט, אַז אים בעט פראָ־פעסאָר לאַזאַטי.

פראַנציסקע

אָס איז דאָקטאָר שמיד!

פערדינאַנד

(קומט שנעל אַריין, ציט אַראָפּ אַ הענטשקע, לייגט אַװעק דעם הוט אויפן שרייבטיש)

נו, װאָס איז געשען?

(גייט שנעל צו צו דער סאָפע)

אַדאָלף

דאַנקען גאָט, טייערער דאָקטאָר, װאָס איר...

פערדינאַנד

(פּרוּװט דעם דופּק)

פריִער פאַ אַלעם, װעל איך בעטן צו פאַציענטן די רו. עס איז איבער־הויפּט געװוּנטשן, אַז דאָ זאָלן נישט זיין אַזוי פיל מענטשן... לולו, גיי אַװעק: דו ביסט דאָ אינגאַנצן נישט נייטיק

בעטי

(גיט אַ צייכן לולון, ער זאָל אַװעקגיין)

לולו

(גייט אַװעק)

פראַנציסקע

נו?

פערדינאַנד

הם... הגאָ... דו הערסט, הוגאָ? ער רעאַגירט נישט.

בעטי

ערשט מיט איין מינוט צוריק איז ער געװען באַם באַװוּסטזיין.

אַדאָלף

יאָ, בײַם פֿולן... און נאָך דעם ווי עס איז דאָ געווען די פֿערזאָן...

פֿערדינאַנד

ווער איז דאָ געווען?

אַדאָלף

אַ פֿרוי.

בעטי

זײַן געליבטע...

פֿערדינאַנד

אָבער, דאָס איז דאָך אַן אומדערהערטע זאַך... פֿאַרוואָס־זשע האָט מען זי אַרײַנגעלאָזט?

בעטי

ער האָט דאָס פֿאַרלאַנגט.

פֿערדינאַנד

איך קען פֿאַרשטײן פֿאַרשידענע שטימונגען; נאָר אויב איך האָב דאָס רעכט דאָ באַלד אַרויסצוזאָגן מײַן מײנונג אַלס דאָקטאָר...

אַדאָלף

איר דאַרפֿט זיך אַרויסזאָגן אַלס דאָקטאָר.

פֿערדינאַנד

און אַלס פֿרײַנט...

אַדאָלף

וואָס מײנט איר צו זאָגן, דאָקטאָר?

פֿערדינאַנד

האָט מען נישט באַדאַרפֿט נאָכגעבן; די דאָזיקע אױפֿרעגונג איז, חײַניקסטנס, געווען איבעריק.

א ד אָ ל ף

נו... וואָס האָב איך געזאָגט? יעדער פאַרשטענדיקער מענטש וועט זאָגן דאָס אייגענע.

ב ע ט י

ער וואָלט זיך געוועזן נאָך מער אויפגערעגט, אויב מיר וואָלטן נישט געוועזן דערפילט זיינע פאַרלאַנגען. אים דאַכט זיך, אַז דאָס איז זיין לעצטער פאַרלאַנג...

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

דער לעצטער פאַרלאַנג... דער לעצטער פאַרלאַנג...

ב ע ט י

אַצינד ווייס איך, אַז דאָס איז, ווייזט אויס, געווען זיין לעצטער פאַר־לאַנג.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

ווער קען דאָס פאָרויס זאָגן? קיינער. אפשר דער דאָקטאָר, וועל־כער האָט אים געבורענגט צו פירן דאָ אַהער, האָט אַרויסגעזאָגט אַזאַ באַשטימטע מיינונג? אויב דאָס איז אַזוי, מוז איך זאָגן, אַז ער האָט, אויסדריקנדיק זיך ווייך, צו שנעל צוגעאײַלט מיט זיינע באַ־שלוסן.

ב ע ט י

דאָקטאָר, ער איז נישט געווען צו שנעל אין זיינע באַשלוסן (ווייזט אָן אויפן קראַנקן) ער שפירט דאָס... און איך פיל דאָס אויך.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

אויף דעם קען מען זיך איינגאַנצן נישט פאַרלאָזן, הם... דאָס איז פשוט וווּנדערלעך... שטענדיק די בעסטע רייטער... איך ווייס — אוי, פאַראיאָרן איז געווען אַזאַ פאַל... אומגעפער אין דער זעל־בער צייט, איז איינער אַראָפּגעפאַלן פון אַ פערד.

בעטי

(קוקט אויף אים מיט גרויסע אויגן, אַזוי, אַז ער בלייבט אויף אַ מינוט פאַרשעמט שטילשווייגן. זי גייט פּאַמעלעך צו צום קראַנקן)

אַדאָלף

ווי מיינט איר?

פערדינאַנד

יאָ... יעדנפאַלס איז דאָס געווען אַ שטאַרקע צעטרייסלונג... מיר וועלן זען, וואָס עס וועט זיין ווייטער.

אַדאָלף

טייערער דאָקטאָר, אָבער דאָס איז דאָך שרעקלעך. וואָס זאָלן מיר טון?

פערדינאַנד

געערטער הער פּראָפעסאָר, איך האָב מיר אַנדערש פאָרגעשטעלט דעם היינטיקן אָוונט.

פראַנציסקע

(פלוצלינג, ווי זי וואָלט אַצינד ערשט פאַרשטאַנען די גאַנצע שרעקלעכקייט פון דער לאַגע)

הער דאָקטאָר, ראַטעוועט אים!

פערדינאַנד

„מיר קענען" איז אַ פראַזע. נאָר אַן אמתע פראַזע איז אַז מיר קענען נאָר צוהעלפן דער נאַטור.

פראַנציסקע

(נעמט אָן פערדינאַנדן בײַ דער האַנט)

איך גלייב נישט אין דעם. זעט נאָר, אָט לעבט ער דאָך... און אָטעמט... זיין האַרץ קלאַפּט, ער זעט אויס, ווי ער וואָלט געשלאָפן און מען קען גאָרנישט טון, און מען דאַרף רויק צוקוקן, מיט קיין האַנט נישט רירן. מען דאַרף זיך אונטערוואַרפן...

פערדינאַנד

חצרטן, און ניעס זיך אונטערוואַרפן.

פראַנציסקע

נאַלט אייך דען נישט איין עפּעס אַ מיטל?

פערדינאַנד

נישטאָ קיין שום מיטל.

פראַנציסקע

געפינט-זשע! נאָר אין אַזאַ מינוט דאַרף מען אַנטדעקן נייע וועגן. איך בין איבערצייגט, אז ווען איך זאָל זיין אַ דאָקטאָר, וואָלט מיר באַלד איינגעפאַלן דאָס, וואָס וואָלט אים געמוזט ראַטעווען.

פערדינאַנד

(אָננעמענדיק פראַנציסקען בײַ דער האַנט)

ליבע פריילין, ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען, וואָלטן מיר געווען נישט קיין געוויינטלעכע מענטשן.

בעטי

(קוקט דערשראָקן אויף אים, ווענדט זיך צו אדאָלפן)

אדאָלף!

אדאָלף

נו? זעט נאָר, דאָקטאָר, וואָס פאַר אַ פּנים זי האָט? איז דען דאָס אומבאַדינגט נייטיק? איך וויל קיינעם נישט מאַכן קיין פאָרוואורף? אַלץ ווענדט זיך, מיט גאָטס הילף, איבערדרייען צום גוטן, — נאָר דאָס איז געווען נישט מיין אידעע, אַז דאָס יונגל זאָל דינען אַלס פריי-וויליקער אין קאַוואַלעריע.

בעטי

ער איז שוין פריער אויף געריטן.

אדאָלף

געוויס, געוויס, נאָר אויף פערד פון דער רייט-שולע. יאָ, דאָס איז

געווען זיין פערזענלעכער פארלאַנג, און איך בין שטענדיק געווען אַ צו נאָכגעביקער פּאַטנר. איך האָף, אַז דאָס וועט אים דינען פאַר אַ לעקציע, און ער וועט זיך אָפּגעוויינען צו רייטן אין פּראַטער אויף חייניק־אויסגעריטענע פערד.

פראַנציסקע

טאַטע, מאַטע, זעסט דען נישט?

בעטי

דאָקטאָר, דאָקטאָר!

אַדאָלף

נו!... ער קרעכצט. איך בין וואָס אָן אמת נישט קיין דאָקטאָר. נאָר דאָס איז אַ גוטער סימן.

בעטי

עס טוט אים וויי?

פערדינאַנד

די קלאַנגען לאָזט ער אַרויס אומבאַוווסטזיניק.

דאָקטאָר

(קומט גאַנץ שנעל אַריין)

בעטי

דאַנקען גאָט!

פערדינאַנד

(גייט צו צו אים, שטעלט זיך פאָר)

דאָקטאָר שמיד.

דאָקטאָר

(שטעלט זיך פאָר)

בערנשטיין. נו, וואָס הערט זיך?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

איך בין געקומען מיט עטלעכע מינוט צוריק און געטראָפן אים אַן אומבאַוווסטזיניקן... דער דופק...

ד אָ ק ט אָ ר

(הערט אים אויס, נישט באַזונדערס אויפמערקזאַם, גייט שנעל צו צו דער סאָפע, קוקט אויפן קראַנקן)

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

(קוקט אויף אים אומפריינטלעך און גייט אים נאָך)

ט אָ נ י ע מ י ט ן ק י נ ד

(קומען אריין)

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

(גייט שנעל צו צו זיי)

וואָס באַדייט דאָס? איך בעט אייך...

ט אָ נ י ע

(גייט שנעל צו מיטן קינד צו דער סאָפע. פּלוצלינג גיט זי כמעט אַ געשריי)

ער איז געשטאָרבן.

ד אָ ק ט אָ ר

ניין.

ט אָ נ י ע

רוגאָ!

ק י נ ד

טאַטעשי.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

(צו אַראָלפן)

איך בין פשוט צעדודערט, וואָס אין אַזאַ ערנסטער מינוט לאָזט מען אריין צו אַ קראַנקן אַ היסטערישע פרוי.

אדאָלף

פריילין...

טאָניע

(צום קינד)

זאָג עפּעס דעם טאַטעשי, בעט אים ער זאָל עפּעס רעדן מיט דיר

זאָג אים... טאַטעשי, טאַטעשי, גיב מיר אַ קוש, טאַטעשי!

קינד

טאַטעשי, טאַטעשי, גיב מיר אַ קוש, טאַטעשי!

(אין דער טיר באַווייזן זיך אַגנעסע און עמע)

אַגנעסע

פראַנצי, פראַנצי!

פראַנציסקע

(וואַרפט זיך צו איר, דערשטיקנדיק איר צער)

אַגנעסע!

אַגנעסע

(ווי אַ פאַרלוירענע)

זאָג, איך בעט דיך, וואָס איז מיט הוגאָן!

פראַנציסקע

(אָטעמט שווער)

אַגנעסע

(דערזעט פלוצלינג טאָניען מיטן קינד. עפנט ברייט די אויגן, קוקט פרעגנדיק אויף פראַנציסקען)

פראַנציסקע

ער האָט שלעכט.

אַגנעסע

(שטייט אַ געווייסע צייט, מאַכט אַ טריט פאָרויס, שטעלט זיך אָפּ, אָנשפּאַרנדיק זיך אָן שרייבטיש)

ט אָ נ י ע

אַ ליכט! אַ ליכט!... איך וויל אים זען.

(שפרינגט אויף און לויפט פון דער סאָפע)

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

פריילין, פריילין, איך בעט אייך, באַרוהיקט אייך. איר געפינט זיך אין אַ הויז, וואָס וועט זיך שוין אין עטלעכע מינוט אַרום פאַרוואַנדלען אין אַ הויז פון טרויער.

ט אָ נ י ע

וואָס ווילט איר פון מיר?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

באַציס אייך מיט ערע צו דעם אומגליק פון דער פאַמיליע. אייער ליבהאָבער וועט גאָרנישט העלפן. צוואָס דאַרפט איר ליכט? לאָזט שטיין די ליכט אויף זייער אָרט.

ד אָ ק ט אָ ר

(האַלט די גאַנצע צייט דעם דופק)

אַ ד אָ ל ף

ער אָטעמט רויק, פאָלשטענדיק רויק.

ד אָ ק ט אָ ר

צו רויק...

ב ע ט י

ער שלאָפט.

ק י נ ד

טאַטעשי.

ב ע ט י

אמת, ער שלאָפט?

ד אָ ק ט אָ ר

ער וועט שוין מער נישט אויפוואַכן.

אדאָלף

(פלוצלינג, שרייט כמעט אויס)

וואָס!

טאַניע

(טוט אַ שטילן געשריי)

פערדינאַנד

(גייט שנעל צו צו טאַניען)

איך בעט אייך, פריילין, אין אייערע אינטערעסן און אין די אינטערעסן פון דער דאָ פאַרזאַמלטער פאַמיליע, בארויקט אייך. איך רעכן, אַז עס וואָלט געווען אַ סך שכלדיקער, אויב איר וואָלט אייך דערווייטערט אויף אַ געוויסער צייט.

עמע

(רויק)

לאָזט זי אָפּ! איר אָרט איז דאָ!

בעטי

(צום דאָקטאָר)

ער קען מיך נאָך הערן!

דאָקטאָר

(שטיל)

וואָס הייסן מיר ווענגן די דאָזיקע סעקונדן!

בעטי

(זאָגנשטרענגענדיק דעם בליק אַרויף)

עס קען זיין ער הערט מיך נאָך. (בייגט זיך אָן צו אים) זיי רויק, איינציקער מיינער, זיי רויק, זיי האָבן ביידע אַ געטרייע היים!...

אגנעסע

(קוקט אויף אַלעמען מיט ברייט-געעפנטע אויגן. קיינער

באַמערקט נישט, ווי זי שאַרט זיך מיט אַ שטיל געוויין
אַריין אין דער טיר)

אַדאָלף

(באַטראַכט מעכאַניש אַלע, נישט ווייסנדיק אויף װאָס
אָפּצושטעלן זיין בליק)

פערדינאַנד

(שטייט צוקאָפּנס באַם שטאַרבענדן מיט אַ פאַלקאָם אומ-
באַוועגלעך פּנים)

פראַנציסקע

(קישט דעם שטאַרבענדנס האַנט)

לולו

(הייבט אָן הויך צו וויינען)

פאָרהאַנג

# צווייטער אקט.

(אַ חאָך נאָך דער ערשטער אקט. דאָס זעלבע צימער, וואָס אין דער ערשטער. אַלץ איז געבליבן כמעט אומפאַרענדערט. די סאָפע איז צופגערוקט אַ ביסל מער אויף צוריק)

ט אָ נ י ע

(זיצט אויף אַ שטול בײַם שרײַב-טיש)

ק י נ ד

(לעבן איר, זיצט אויף אַ בענקעלע; פאַר אים ליגן שפּילעכלעך, נאָר ער שפּילט זיך נישט. אין צימער איז פאָלקאָם שטיל)

ל ו ל ו

(קומט געשווינד מיט געדויש אַריין פון לינקס, אַזוי, אַז טאָניע ציטערט לייכט אויף. ער גייט אָנגעטאָן אין היטל און טראָגט לערנביכלעך אונטערן אָרעם. טאָניע קוקט שמייכלענדיק, ווי לולו חעדט זיך צום קינד)

ל ו ל ו

(מיט קינדישער, אמתער צערטלעכקייט)

קליינטשיקער, וואָס מאַכסטו?

ט אָ נ י ע

ק י נ ד

שפילן.

ל ו ל ו

װאַרט, איך װעל מיך אויך שפילן.

(קלויבט זיך אױפֿקצולייגן די ביכער)

ט אָ נ י ע

דאַרפסט נישט גיין אין שולע אריין, לולו?

ל ו ל ו

איך האָב נאָך צייט. (װענדט זיך צום קינד, באַמיִענדיק זיך כּיי שולפּ-ריקייט צו ר׳דן קינדיש) יאָ, לולו ד. רף זיך שטענדיק לערנען, מען טאָר זיך נישט שפילן, װי אַ קליינשטיקער.

ט אָ נ י ע

און ער האָט זיך אַזױ ליב צו שפילן!

ל ו ל ו

נו! (צום קינד) װאָס האָסטו דאָ? (נעמט אין האַנד אַריין אַ קליינעם פּאַיאַץ, װאָס ליגט לעבן קינד) איך האָב אים נ ך נישט געזען.

ק י נ ד

פֿראַנצי האָט אים מיר געבערענגט.

ל ו ל ו

יאָ? דו האָסט שוין געזען װאָס פֿאַר אַ קונצן ער קען װייזן?

ק י נ ד

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

ל ו ל ו

זײ נישט אַזאַ נאַרעלע, קליינטשיקער! װען מען קריגט עפּעס אַ שפּילעכל, דאַרף מען עס באַלד באַטראַכטן.

ט אָ נ י ע

ער פֿאַרשטייט דאָס נישט, לולו.

ל ו ל ו

זע, חי איך וועל אים דאָס דערקלערן! (צום קינד) נעם דאָס בע־רעלע אין די הענט אריין (דאָס קינד נעמט עס) אַזוי. אַצינד גיב אַ קוועטש באַם בויך.

ק י נ ד

(קוועטשט, דאָס בערעלע פּישטשעט)

ל ו ל ו

נו, זעס ט,קליינענקער, וואָס פאַר אַ קונצן עס ווייזט?

ק י נ ד

אַ.

ל ו ל ו

וואָס קען עס טון?

ט אָ נ י ע

וואָס קען דאָס בערעלע טון?

ק י נ ד

רעדן.

ל ו ל ו

(אומצופרידן)

וואָס פעלט דיר איין? עס רעדט דען? עס האָט דען געזאָגט: טאַטע מאַמע?

ק י נ ד

ניין.

ל ו ל ו

הייסט עס, אַז עס פּישטשעט. (ער גיט עס אַ קוועטש) הערסט?

אַ נ נ ע ס ע

ואיז מיט עטלעכע סעקונדן פאַר דעם אַריינגעקומען דורך דער טיר, רעכטס, אומבאַמערקט פאַר די איבע־

ריקע. זי איז אָנגעטאָן אין אַ טונקעלן קלייד, אָבער נישט אין טרויער. זי זעט אויס געריירט און קוקט ווייטער ערנסט אויפן קינד)

לולו

(שפירט נאָך דעם קינדס בליק, דרייט זיך אויס, שטייט אויף)

אַגנעסע!

טאָניע

(שטייט אויף)

אַגנעסע

(אין פאַרלעגנהייט)

וואָס טוסטו דאָ?

לולו

איך לערן דאָס יונגל.

אַגנעסע

(גייט צו צו טאָניען און דערלאַנגט איר די האַנט)

מיך רופט מען אַגנעסע ווינטער.

טאָניע

(גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ)

איך קען אייך.

(אַלע שווייגן אין פאַרלעגנהייט)

לולו

דו ביסט שוין דאָ לאַנג נישט געווען, אַגנעסע.

אַגנעסע

(קוקט די גאַנצע צייט אויפן קינד)

לולו

פון דאַמאָלס אָן...

אַננעסע

(שטיל)

איך האָב נישט געקענט.

לולו

(קינדיש, נישט ווייסנדיק ווי אַזוי זיך צו האַלטן, ווענדט
זיך צום קינד)

באַגריס דיך מיט דער דאָזיקער שיינער מומע! — אָזוי, דו קענסט
די שיינע מומע?

(דאָס קינד שאָקלט מיטן קאָפּ)

לולו

(האָט זיך ווידער באַהערשט)

די דאַרפסט נישט אויף אַלץ ענטפערן „יאָ!". ער איז אַזאַ נאַרעלע,
אַננעסע! דו קענסט נישט די דאָזיקע שיינע מומע.

קינד

(עפנט אַ פּאָר גרויסע אויגן)

איך קען.

טאָניע

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

געוויס!

לולו

(הייבט פּיסלעכווייז אָן צו פאַרשטיין, שטיל)

יאָ, אמת.

אַננעסע

(שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט אויף טאָניען, וועלכע
קוקט אויך אויף איר)

ל ו ל ו

(מיט איבערלייגונג)

ווי קליינע קינדער באַמערקן אַזוי אַלץ!

ט אָ נ י ע

(דריקט דאָס קינד צו זיך און באַהאַלט איר פּנים אין זיינע האָר)

ל ו ל ו

נו, אַגנעסע, אַצינד מוז איך שוין גיין. אַצינד איז בײַ אונדז גריכיש.

אַ ג נ ע ס ע

(קוקט אויף טאָניען, שאָקלט מיטן קאָפּ)

ל ו ל ו

(פירט אוועק אַגנעסען אין אַ זייט)

ווייסט וואָס זיי האָבן מיר געזאָגט!

אַ ג נ ע ס ע

(צעשטרייט)

ווער?

ל ו ל ו

(ווייזט מיטן קאָפּ אויף לינקס)

יאָ, זיי באַגײַן זיך נאָך אַלץ אַזוי מיט מיר, ווי איך וואָלט געווען אַ יונגל פון דער ערשטער קלאַס.

אַ ג נ ע ס ע

וואָס-זשע האָבן זיי עס דיר געזאָגט?

ל ו ל ו

נו, דער טאַטע האָט מיר געזאָגט (בייגט זיך אָן צו איר), אַז הזגאָ האָט געהאַט מיט איר אין געהיים חתונה געהאַט. און איך פרעג דיך, אַגנעסע, צוואָס דערציילט מען מיר אַזעלכע מעשיות?

אַגנעסע

דאָס איז דאָך אַלץ איינס.

לולו

איז דאָך – אדרבה. אַדיע, אַגנעסע... (קערט זיך צוריק) ווי גע-זונט, קליינטשיקער! צום ווידערזען, טוטע טאָניע ..

(אָפּ. פּויזע)

אַגנעסע

(שטיל)

איר ווינט, הייסט עס, דאָ?

טאָניע

ניין, נישט אינגאנצן. (ווייזט אויף דער טיר רעכטס, אין ווינקל) דאָרט איז אונדזער צימער, נאָר מיר פאַרברענגען כמעט די גאנצע צייט דאָ.

אַגנעסע

אַזוי?

טאָניע

אין אָנהייב האָבן ווי אינגאַנצן געוואָלט פאַרמאַכן דאָס צימער, נאָר ווי מיר דאַכט זיך, איז אַזוי בעסער.

אַגנעסע

(שאָקלט מיטן קאָפּ, קוקט אויפן קינד)

יאָ.

(זי שטעלט וויך אויף די קני לעבן קינד, ווי אין אַ פּלוצ-לינקער באַגייסטערונג, און קושט עס הייס)

טאָניע

(איידל)

בולייב דעם זענט איר היינט אַהערגעקומען?

אַ ג נ ע ס ע

יאָ... (הייבט זיך אויף) איך האָב מיך שוין עטלעכע מאָל געקליבן אָהער, נאָר איך האָב מיך נישט אַנטשלאָסן. דאָס האָט אַזוי שרעקלעך געווירקט אויף מיר. מיר זײַנען געווען... אַזעלכע... נאָענטע קרובים. איך האָב געהאַט אַזאַ געפיל, ווי איך וואָלט אָנגעווירן אַן אייגענעם ברודער.

(זי צעכליפּעט זיך און פאַלט טאָניען אין די אָרעמס)

ט אָ נ י ע

איר האָט אים זייער ליב געהאַט!

אַ ג נ ע ס ע

(הייבט אויף דעם קאָפּ)

און ער האָט דאָס געוווּסט?

ט אָ נ י ע

ער האָט אפשר נישט געוווּסט, נאָר איך האָב עס געוווּסט.

(פּאַוזע)

אַ ג נ ע ס ע

ער האָט גערעדט פון מיר?

ט אָ נ י ע

אוודאי. ער האָט מיר דערציילט וועגן די אַלע מענטשן, וועלכע ער האָט געקענט, פרײַלין אַגנעסע.

אַ ג נ ע ס ע

יאָ, אַצינד פאַרשטיי איך. אַ סך. מיר איז שוין לאַנג געהאַט איינגעפאַלן, אַז עס מוז זײַן ערגעץ אַזאַ מענטש אויף דער ערד, וועלכן ער דערציילט אַלץ. ווען ער פלעגט זײַן אינדערהיים, אָדער בײַ אונדז, האָב איך אָפט באַמערקט, אַז אים גלוסט זיך דאַמאָלס צו זײַן גאָר ערגעץ אַנדערש.

ט אָ נ י ע

(צובייגנדיק דאָס קינד צו זיך)

בא אונדז.

א נ נ ע ס ע

(מיט שטאַרקייט)

גאָט! ווי איך בין אייך מקנא!

ט אָ נ י ע

(קוקט אויף איר)

אָ נ נ ע ס ע

(ווי פאַרשעמט)

איר האָט... דאָך...

ט אָ נ י ע

(שטיל)

איך בעט גאָט, ער זאָל עס מיר אָפּהיטן.

אַ נ נ ע ס ע

זייט נישט בייז, וואָס איך רעד אַזוי, נאָר מיר טוט אַזוי הארץ, אַז איך קען דאָס נישט אויסדריקן מיט קיין ווערטער.

ט אָ נ י ע

(איר שטימע איז דורכגעדרינגען מיט אַ טיפער, נאָר פאַרשטיקטער חייטיק)

טייערענקע, מיר איז אויך!...

א נ נ ע ס ע

פריילין טאָניע, איך וואָלט אַזוי געוואָלט זיין אייער פריינט!

ע ט ע

(קומט אַריין פון רעכטס, מיט אַ לייכטן שמייכל, דער־ווענדיק אַננעסען)

אַ נ נ ע ס ע

(אַקעגנגייענדיק איר)

מאַמע!

ע מ ע

גוט מאָרגן, טאָניע! וואָס מאַכט דאָס קינדעלע?

ט אָ נ י ע

אַ דאַנק אייך.

ע מ ע

דאָס פּאַר אַ בלייכענקער ער איז...

ט אָ נ י ע

יאָ, ער איז שטענדיק אַזעלכער.

ע מ ע

עס איז זייער גוט, וואָס איר פּאָרט אינגיכן אַרויס אויף דער זומער-חוי־נונג.

ט אָ נ י ע

יאָ, גאַנץ זיכער

ע מ ע

און פּאַר אייך אויך.

ט אָ נ י ע

(אָפּווענדנדיק)

נו...

ע מ ע

(צו אַננעסען)

דו ביסט שוין געווען בײַ דער מומע בעטי?

אַ נ נ ע ס ע

ניין, מאַמע, איך קען נישט אַצינד. אויב דו האָסט גאָרנישט קעגן דעם, וועל איך בעסער גיין אַהיים.

עמע

ווי דו ווילסט, טייערע.

אַגנעסע

(צו טאָניען)

אַצינד וועל איך אָפּט אָנהייבן אַהערצוקומען. איך וועל קומען יעדן טאָג, גוט? מיר זיינען פריינט, מאַמע?

עמע

יאָ?

אַגנעסע

(בייגט זיך איין און קושט דעם קינדס האָר, דערלאַנגט טאָניען די האַנט און גייט אַוועק)

עמע

(קוקט אויפן קינד)

צוליב דעם לויבט זיך צו לעבן. ווערט נאָר נישט אָן דעם טויט, מיר אַליין איז אויסגעקומען אַזעלכט איבערצוטראָגן.

טאָניע

ווי גוט איר זענט.

עמע

מיר — זיינען דאָך אַלטע באַקאַנטע.

טאָניע

אַלטע באַקאַנטע?

עמע

ער האָט מיר דערציילט וועגן אייך, — נאָר דאָס איז שוין זייער, זייער לאַנג.

טאָניע

מיר האָט ער אויך דערציילט וועגן אייך... א סך ערשט גאָרנישט

לאַנג. יאָ, איר האָט אים געקענט! דעריבער פאַרשטייט איר אַלץ אַזוי גוט.

ע מ ע

אַנדערע וועלן אײַך פאַרשטיין. איר דאַרפט גאָר נישט אָנווערן דאָס געדולד, טאָניע. דערווײַל איז נאָך דאָ אַ געוויסע פרעמדקייט...

ט אָ נ י ע

נו — פאַרוואָס? זאָלן זיי מיך פרעגן, איך האָב גאָרנישט וואָס צו באַהאַלטן.

ע מ ע

פראַנצי האָט אײַך אויך וועגן גאָרנישט געפרעגט?

ט אָ נ י ע

אין באַמערק, אַז טיילמאָל וויל זי מיך עפּעס פרעגן, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז זי אַנטשליסט זיך נישט.

ע מ ע

זי אַנטשליסט זיך נישט? (שמייכלט) איר מיינט — צוליב איר חתן?

ט אָ נ י ע

ער איז דען אין אמתן איר חתן?

ע מ ע

יאָ.

ט אָ נ י ע

עס ליגט זיך גאָרנישט אויפן שכל, זיי האָבן זיך ליב?

ע מ ע

מײַן טײַערע, די ליבע, ווי מיר פאַרשטיין זי, איז, פאַרשטייט זיך, צו דער נישט ענלעך.

ט אָ נ י ע

אין אמתן?

ק י נ ד

מאַמע!

ט אָ נ י ע

וואָס, מיין פראַנציק?

ק י נ ד

דער טאַטעשי וועט קומען היינט?

ט אָ נ י ע

מאָרגן, פראַנציק, מאָרגן. זעץ דיך דאָרט און באַקוק די בילדלעך (זעצט דאָס קינד אויף אַ בענקל, גיט אים אַ ביכל מיט בילדלעך) נו, און פיר דיך אויף אָנשטענדיק. (קערט זיך צוריק צו עמען) ער פרעגט מיך די גאַנצע צייט וועגן דעם, אַז מען קען פון זינען אַראָפּ! וואָס זאָל איך אים זאָגן? איך קען דאָך אים נישט זאָגן, אַז זיין פאָטער וועט שוין נישט קומען, נישט היינט, נישט מאָרגן און איבערהויפּט — קיינמאָל נישט. איך אַליין קען מיר דאָס אין קאָפּ נישט אַריינגעמען. איך האָב אַזאַ געפיל, ווי איך וואָלט מיך יעדן פרימאָרגן אויף דאָס ניי דערוויסט וועגן דעם. יעדעס מאָל דאַרף איך מיר אַליין דערמאָנען וועגן דעם, ווייל איך זע אים יעדע נאַכט אין חלום, שטענדיק שפּאַצירן מיר צוזאַמען. און ער פירט מיך בײַ דער האַנט, ווי ער פלעגט שטענדיק פירן פראַנציקן. צי קענט איר אייך דען פאָרשטעלן ווי ליב ער האָט אונדז ביידע ג׳

ע מ ע

יאָ, איך קען מיר דאָס פאָרשטעלן.

ט אָ נ י ע

...

ע מ ע

(שמייכלט)

טאָניע

איר קענט זיך דאָס נישט פאָרשטעלן. איר ווייסט נישט ווי אַזוי דאָס אַלץ איז באַרגעקומען. איר קענט נישט וויסן, וואָס ער איז געווען פאַר מיר. איך בין געווען אַזוי עלנט, אַז עס איז אַפילו שווער זיך פאָרצושטעלן.

עמע

יאָ, גאַנץ זיכער, ווען מען ווערט אַזוי פרי אָן די מוטער.

טאָניע

גאָט, איך האָב אַפילו גאָרנישט געקענט מיין מוטער. אויף וויפיל איך קען מיך דערמאַנען אָן מיין קינדהייט, בין איך שטענדיק געווען אַליין מיט מיין פאָטער.

עמע

נו, בא אייך אין הויז פלעגן דאָך אויך פאַרבערענגען ווייטיקע?

טאָניע

ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, ווען דער פאָטער איז נאָך יינגער געווען, פלעגן צו אים קומען טיילמאָל זיינע חברים, וואָס האָבן מיט אים געדינט אינייגעם, נאָר אין די לעצטע יאָרן — קיין איין לע־בעדיק נפש. נאָך דעם פאָטערס ברודער און זיין פרוי — ווי פלעגן טיילמאָל קומען אין די זונטיק־טעג, געדענק איך. און אָט ווינען מיר געזעסן אַלע צוזאַמען — די דאָזיקע צוויי אַלטעטשקע, דער פאָטער און איך אין אונדזער קליינעם צימערל און האָבן זיך זעלטן־ווען דורכגעוואָרפן אפשר מיט איין וואָרט...

עמע

פאַרוואָס?

טאָניע

פאַר מורא. בא אונדז איז שטענדיק געווען אַזוי שטיל, ווי מען וואָלט געדאַרפט פאַר עפעס מורא האָבן. מען האָט קיינמאָל נישט געטאָרט

פריי אָפּעטעמען. און וואָס עלטער דער פאָטער געוואָרן, אַלץ ער-
גער איז געוואָרן, און ער האָט זיך שוין מיט גאָרנישט געפריידט,
און האָט זיך אַלץ איינינעם געזאָרגט צוליב נאַרישקייטן.

עמע

וואָס איז ער געווען?

טאָניע

ער האָט געדינט אין דער שטאָט-פאַרוואַלטונג.

עמע

נאָר הגאָ... האָט אייך באַלד אַרויסגענומען פון דער היים.

טאָניע

(נאָך אַ קליינער פּאָזע)

איך האָב געמוזט באַלד אַוועקגיין.

גוסטאַוו

(קומט אַריין)

קינד

(דערזעט גוסטאַוון)

פעטער גוסטאַוו! (שטרעקט אויס די הענטלעך צו אים)

טאָניע

(שטייט אויף)

גוסטאַוו

(גייט פריער פאַר אַלעם צו צום קינד און נעמט עס
אויף דער האַנט. אַ פּויזע. אַ באַוועגונג. דערנאָך דער-
לאַנגט ער די האַנט טאָניען און דערנאָך עמען)

וואָס פאַר אַ באַגעגעניש!

עמע

ווען זענט איר צוריקגעקומען?

גוסטאַוו

מיט אַ האַלבע שעה צוריק, און עס איז מיך באַפאַלן אַן אומבאַזיג-באַרער פאַרלאַנג זיי ביידע צו זען (הייזט אויף סאָניצן און איפן קינד, אויפגערעגט) הייסט עס, איז דאָס אמת, איר וועט דאָ! איר האָנט דאָ! דאָס באַרויקט מיך זייער! ווי פילט איר אייך... ווי אזוי איז אַלץ צוגעגאַנגען... מען האָט אייך דאָ ליב געקריגן?

(קליינע פּאַוזע)

עמע

עס איז אַלץ גוט, און עס וועט זיין נאָך בעסער.

בעטי און פראַנציסקע

(קומען אַריין פון לינקס)

בעטי

איר זענט שוין צוריקגעקומען, גוסטאַוו?

פראַנציסקע

גוט מאָרגן!

(באַגריסן זיך. פראַנציסקע גייט באַלד צו צום קינד)

בעטי

דער אורלויב האָט זיך געענדיקט?

גוסטאַוו

יאָ. און מיין ערשטער וויזיט איז, פאַרשטייט זיך, געווען צו אייך. (שטיל צו בעטין) דאָס, וואָס איר האָט געטאָן, איז זייער שיין.

בעטי

דאָס איז אַזוי נאַטירלעך!

גוסטאַוו

יאָ פאַר אייך... דאָס איז אמת

פראַנציסקע

(צו גוסטאַוו)

איר ווענט געווען אינדערהיים?

גוסטאַוו

יאָ, פרײַלין, עס איז געווען אַ טרויעריקער אורלויב! איר חייסט דאָך אין וואָס פאַר אַ שטימונג איך בין אוועקגעפאָרן פון דאַנען. און אינדערהיים, האָב איך אויך נישט געטראָפן אין אַרדנונג.

פראַנציסקע

וואָס מאַכט אײַער מאַמעשי?

גוסטאַוו

נישט איבעריק גוט, זי האָט זיך זייער געעלטערט. איך ווייס נישט צי איך וועל זי נאָך זען נאָך אַמאָל.

בעטי

פאַר וואָס לאָזט איר אײַך צו אַזעלכע טרויעריקע געדאַנקען?

גוסטאַוו

יאָ, דאָס לעבן איז נישט קיין פריילעכע דערפינדונג. אַ יאָר, נאָך אַ יאָר ווערט פאַרגעסן אָן דעם און עס האַלטן פאַר גאַנץ האָפּ-נונגספול, ווי פלוצלינג וועלן זיך דיר אַ שיט טון אַן אומגליק נאָך אַן אומגליק — דעמאָלט דאַרף מען שוין זײַן גרייט אויף אַנצוהערן וואָס...

טאָניע

(כאַפּט זיך ציטערנדיק צום קינד)

גוסטאַוו

(טרישט אומשיינע די טעמע פון געשפרעך)

איר אַלע פאָרט אינגיכן אַרויס אויף זומערוווינונג?

בעטי

יאָ, אין עטלעכע טעג אַרום.

גוסטאַוו

דאָס איז גוט, באַזונדערס פאַרן קינד, אין דער צייט פלעגט ער שטענדיק זיין אויף דער זומער־וווינונג. (צו פראַנציסקען) איר ווייסט, אז דער נאָמען, וואָס מען האָט אים געגעבן, איז לכּבוד אייך.

פראַנציסקע

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

גוסטאַוו

ער האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ שוועסטער ער האָט. (צום קינד) אַצינד וועט פראַנציסק ווידער, אין גיכן, אַרומלויפן אין גאָרטן.

קינד

און דער כאַטעשי וועט זיך שפּילן מיט מיר אין יאַגעלעך.

פראַנציסקע

(צו טאָניען)

ווו האָט איר געוווינט אויף זומער־וווינונג, ווייט פון שטאָדט?

טאָניע

ניין.

גוסטאַוו

גאָר נאָענט. איך בין אָפט מיט אים מיטגעפאָרן אַהין שפּעט אין אָוונט. געדענקסט, טאָניע, ווי מיר...

טאָניע

(מיידט אויס דאָס געשפּרעך)

פראַנציסקע

(צו גוסטאַוון)

איר האָט מער געהאַט פון אים, ווי מיר. פאַרוואָס האָב איך דאָס אַלץ נישט געקענט וויסן פריער? פאַרוואָס? און נאָך אַמאָל פאַרוואָס? איך וואָלט געוואָלט אַ קוק טאָן אויף יענעם גאָרטן. מיר וועלן אַמאָל צופאָרן אַלע אינאיינעם.

טאַניע

(כמעט שטרענג)

ניין!...

פראַנציסקע

פאַרוואָס?

טאָניע

איך וועל דאָס נישט איבערהאַלטן.

(פּאָזע)

בעטי

און וואָס מיר איז איינגעפאַלן. טאָניע, איר זעט אויס אַזוי ווי איר דאַרפט אַ קוק טון אין אייער אַלטער שטאָטישער וווינונג.

טאָניע

ניין, ניין...

בעטי

אָבער דאָס איז דאָך אימבאַדינגט נייטיק. די צימערן קענען דאָך נאָך פאַרדינגען ווערן, ווען מיר וועלן זיין אויף דער זומער-וווינונג. אָדער אפשר אַ טיינשיקן עמעצן נאָך די זאַכן?

טאָניע

ניין, אַ גרויסן דאַנק. איך וועל בעסער אליין צוגיין אַהין. דאַרף זיינען עטלעכע זאַכן, וועלכע מיר וואָלט זיך זייער געוואָלט באַהאַלטן.

פראַנציסקע

(גייט אַוועק פון קינד, האַרציק)

קען איך מיט אייך מיטגיין, טאָניע?

טאָניע

איך וויל מיטגיין מיט מיר!

פראַנציסקע

מיר דאַכט זיך, אַז אויב איר וועט גיין נישט אַליין, וועט אייך זיין לייכטער.

טאָניע

מעגלעך.

פראַנציסקע

אויב דו, מאַמע, האָסט גאָרנישט קעגן דעם, וועלן מיר טאַקע באַלד צוגיין.

בעטי

איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, נאָר איך בעט דיך — גיי נישט אַוועק אויף לאַנג: דער דאָקטאָר שמיד...

פראַנציסקע

(מיט אַ געוויסן אומעט)

אויב ער וויל מיך זען, קען ער צוּוואַרטן אויף מיר.

גוסטאַוו

(וואַרפט אַ בליק אויף עמען)

טאָניע

הייסט עס, מיר וועלן באַלד גיין, פריילין פראַנציסקע?

פראַנציסקע

רופט מיך, ווי אַלע רופן מיך — פראַנצי. צוּוואָס זאָגט איר פריילין?

טאָניע

מיט פאַרגעניגן.

פראַנציסקע

איז, הייסט עס, צום ווידערזען!

גוסטאַוו

איך וועל אייך באַגלייטן, וויניקסטנס ביז צום טויער. איך קום גלייך

פון וואָקזאַל און בין נאָך נישט געווען אינדערהיים. איר דערלויבט מיר צוצוקומען די טעג? מיר דאַכט זיך, איך וועל דערפילן הוגאָס פאַרלאַנג, אויב איך וועל מיך פון צייט-צו-צייט אינטערעסירן מיטן קינד.

בעטי

קומט אָפּטער.

גוסטאַוו

דערווייל — צום ווידערזען!

בעטי

(צו טאָניען)

דאָס קינד לאָזט איבער מיט אונדז, טאָניע.

גוסטאַוו

נו, פראַנציק מאָרגן וועלן מיר זיך ווידער זען.

טאָניע

דו ביסט דען נישט צופרידן, וואָס דער פעטער גוסטאַוו וועט מאָרגן ווידער קומען?

עמע

ער האָט אָנגעהויבן צו לאַכן, ווען איר זענט אַריינגעקומען.

טאָניע

אַצינד לאַכט ער אויך. ער לאַכט עפּעס גאָר אינגאַנצן אַנדערש, נישט אַזוי ווי אַנדערע קינדער, אָבער נאָר איך באַמערק דאָס.

(אַלגעמיינע באַוועגונג)

פראַנציסקע

צום ווידערזען, מומע עמע!

גוסטאַוו

איך האָב די ערע!

(גוסטאַוו, פראַנציסקע, טאָניע גייען אַוועק)

ב ע ט י

(צום קינד)

מיין ליב יונגעלע! (צו עמען) בלויז אַ טראַכט צו טאָן, אַז ווען ער זאָל לעבן, וואָלט איך גאָרניט געוויסט וועגן דעם.

ע מ ע

מעגלעך.

ק י נ ד

באָבעשי.

ב ע ט

וואָס, פראַנציק?

ק י נ ד

דו וועסט דיך אויך שפּילן אין גאָרטן, ווען דער טאַטעשי וועט צו־ריקקומען?

ב ע ט י

אַוודאי, פראַנציק, אַוודאי... (זי איז זייער אויפגערעגט, פּאָוזע) גאָט, ווי ווייניק זיין לעבן האָט געהערט — אונדז. איך קען נישט וועגן דעם טראַכטן.

ע מ ע

דו האָסט דאָס קיינמאָל נישט געפילט?

ב ע ט י

טיילמאָל... ווען דו האָסט אַ דערוואַקסענעם זון, כאַלט דיר פּאַר־שיידנס איין, נאָר איך האָב מיך קיינמאָל נישט פאַרטראַכט וועגן דעם, אַז ער האָט אַן אַנדערע היים, אַ חוץ אונדזערע, אַז עס זיינען דאָ אויף דער וועלט מענטשן, וועלכע זיינען אים טייערער, ווי מיר אַלע, ווי איך, עמע!

ע מ ע

(שווייגט)

בעטי

(קוקט אויפן קינד)

ווען איך וואָלט דאָס פריִער געוווּסט! די לעצטע יאָרן שטעלן זיך מיר פאָר קינדער, אַזעלכע שרעקלעך פרעמדע, אַזעלכע — איך זייס דאָס גאָרנישט ווי אַזוי אויסצודריקן מיט ווערטער, אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע זען זיי מיר אויס. נאָר אַקינד ווייס איך, אַז ער האָט מיר אַ סך, אָן אַ צאָל אַ סך צוגענומען.

עמע

נאָר פאַר אַ סך ביסטו אַקינד באַלוינט געוואָרן.

בעטי

יאָ, עמע, דאָס קינד באַלוינט מיך. טריט באַ טריט, וואָרט באַ וואָרט, ווי אָט ערשט וועגן גאָרטן, מיט זיין גאַנצער פלוידעריי. און אין אַלגעמיין מיט זיין עקזיסטענץ, שענקט ער מיר צוריק יענע טעג, וועלכע הוגאָ האָט מיר נישט געגעבן. (נעמט דאָס קינד און גלעט עס) יאָ, מיין זיס, מיין ליכטיק יונגעלע! אָט זיינען זיי! אויף דיינע ליפעלעך. אויף דיינע אייגעלעך — אומעטום זיינען זיי, יענע טעג, וועלכע הוגאָ האָט מיר צוגענומען.

עמע

(זייער שטאַרק גערירט)

גלייב מיר בעטי, אַז אין זיין מוטערס אויגן, וועסטו זיי נאָך טער געפינען, אויב דו וועסט נאָר וועלן דאָרט אַ זוך טון.

בעטי

מעגלעך. נאָר דאָרט קען איך געפינען אויך אַ סך, וואָס איך זוך נישט און וואָס איך וואָלט נישט געוואָלט געפינען.

עמע

וואָס-זשע? וואָס קענסטו דאָרט געפינען, וואָס דו וואָלסט נישט געוואָלט געפינען?

בעטי

חי אזוי שטעלסטו די פראַגע, עמע?

עמע

נו, וואָס? וואָס זי האָט איבערגעלעבט אַזעלכע פריידן און ביטער נישן, וועגן וועלכע דו, ליבע בעטי, האָסט דיין גאַנץ לעבן אפילו נישט געחלומט? און וואָס נאָך? אָן אים וואָלט זי געקענט ווערן אַ געפאַלענע פרוי, און אויב ער וואָלט געווען געוואָלט, האָט ער איר אויך געקענט צעברעכן איר לעבן, נאָר ער האָט זי געמאַכט פאַר די מוטער פון זיין קינד און מיט דעם אַלץ פאַראָכטן. דו דאַרפסט זי ליב האָבן, בעטי!

בעטי

איך האָב זי טאַקע ליב.

עמע

זי פאַרדינט דאָס! (מיט אויפרעגונג) איך ווייס, וואָס דאָס הייסט פאַר אַ יונגער געליבטער פרוי אָנצוווערן איר געליבטן מאַן. יעדעס אומגליק קענען מיר דורכוויטיקן: דעם טויט פון אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ זון, נאָר אויב עס שטאַרבט אונדזער געליבטער, קענען מיר שוין קיינמאָל מער נישט לאַכן, ווי אַנדערע פרויען. אַלץ ווידער און ווידער קערן זיך צוריק אַזעלכע טעג, ווען מיר לעבן איבער דאָס ביטערניש פון ערשטן טאָג, און אויף יעדן קבר באַוויינען מיר אויף דאָס ניי נאָר אים.

בעטי

איך טראַכט אַצינד אַזוי אָפט וועגן אים; קען זיין, אַז דאָס איז אַ גאָט-באַשטימטע זאַך!

עמע

וואָס!

ב ע ט י

דאָס, וואָס זיי ביידע זיינען אַוועק פֿון אונדז אַזוי פֿריִ; מיין ברו-דער און מיין זון, פונקט זיי ביידע, אַזעלכע ענליכע איינער צום צווייטן!

ע מ ע

יאָ, דאָס איז געווען אַ וואונדערלעכע ענלעכקייט.

ב ע ט י

און פונקט ווי זיי וואָלטן אין איין טאָג געבוירן געווען.

ע מ ע

(פֿאַרטראַכט)

באַזונדערס, ווען הוגאָ איז געזעסן בײַ דער פּיאַנינאָ. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס זיצט ער פֿאַר מיר. מיר דאַכט זיך, אַז נאָר דע-ריבער האָב איך אים אָפּט געבעטן, ער זאָל מיר עפּעס שפּילן.

אַ ד אָ ל ף

(קומט אַריין פֿון לינקס מיט אַ פּעקעלע אין די הענט)

גוטן אָוונט, גוטן אָוונט עמע, וואָס מאַכסטו? (בייגט זיך אָן צום קינד) נו, וואָס מאַכט דאָס יונגל, וואָס מאַכט דאָס זיסע, קליינע יונגל? (צערטלט אים זייער) אָט־אָ וואָס איך האָב געבראַנגט דעם יונגל!

ע מ ע

איך האָב צו דיר אַ ביטע, אַדאָלף?

אַ ד אָ ל ף

איך בין שטענדיק גרייט דיר צו דינען, עמע!

ע מ ע

צי קענסטו ניט, נישט אַזוי אָפֿט רופֿן דאָס קינד „יונגל“. דאָס ווירקט אויף די נערוון.

א ד אָ ל ף

דאָס פּאַר אַ מאָדנע דז ביסט, עמע, יאָ. (צום קינד) נו, הערן הויפּ-ראַט! ווי מיינסטו, וואָס האָב איך דיר געבראַכט?

ב ע ט י

יעדן טאָג ברענגסטו אים עפּעס. (ווענדט זיך צו עמען) און ער אָבער פריידט זיך מיט גאָרנישט.

א ד אָ ל ף

איך דאָס וועט קומען. ווי עס ווייזט אויס, האָבן מיר נאָך נישט געפונען דאָס פּאַסיקע שפּילעכל, לויט מיין איבערצייגונג, איז פאַר יעדן קינד דאָס באַליבטע שפּילעכל נאָר דאָס, וואָס פּאַסט זיך צו צו זיין אינדיווידואַליטעט. (ער האָט אויפגעבונדן דאָס פּעקעלע און אַרויסגענומען אַ טרומייטערל) דאָס איז פאַרן קליינעמן פראַנציק, יאָ! (ער בלאָזט אין טרומייטערל אַריין)

ק י נ ד

(ציטערט אויף)

ע מ ע

ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס אויך נישט דאָס פּאַסיקע שפּילעכל.

א ד אָ ל ף

און וווּ איז די מוטער?

ע מ ע

פאַרוואָס רופסטו זי נישט פּשוט: טאָביע?

א ד אָ ל ף

איך רוף זי טאַקע: טאָניע! נו, אָט האָסטו דיר! גוט קענסטו מיך. ווו איז טאָניע?

ב ע ט י

זי איז אַוועקגעגאַנגען מיט פראַנציק.

אַראָלף

מיט פראנצין ?.. צוזאמען ?... הם...

בעטי

יאָ.

אַראָלף

(גייט אַרום הין און צוריק)

אין פּרינציפּ קען מען גאָר נישט האָבן קעגן דעם, נאָר דאָס קען חערן שלעכט פאַרשטאַנען.

בעטי

וואָס הייסט ?

אַראָלף

איך וועל אייך באַלד דערקלערן. מען קען אויסטייטשן, אַז מיר שטאָלצירן מיט דעם.

בעטי

שטאָלצירן ?

אַראָלף

יאָ. נו, באַרעכנט אַליין ! מיר דערלויבן אונדזער טאָכטער, אַ יונג מיידל, אין מיטן העלן טאָג צו שפּאַצירן מיט דער... (קוקט אויף עמען) מיט דעם ניעם איבער דער פראַטער-גאַס. יאָ, מיטן דערלויבן דאָס, ווי איר זאָלט אויף דעם נישט קוקן — דאָס איז זייער אַרויס-רופנדיק ! בעטי, אונדז שטייט פאָר אָן דעם אַזוי איך אַריבערצו-טראָגן אַ גרויסן קאַמף.

בעטי

אַ קאַמף ?

אַראָלף

נאָר דאָס זיינען נאַרישקייטן. עס איז דאָ צוליב וואָס. און די ביסט דאָ אויך מיט מיר, בעטי, מיין מוטיקע בעטי ! מיר ווייסן דאָך

אַדאָלף

וואָס עס איז געווען אַמאָל, דאָס ווייסן מיר!

עמע

וואָס ווייסן מיר?

אַדאָלף

(ערנסט)

אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אַרום אונדז, ליבע עמע! — מיין נישט, אַז מען קען עפּעס פאַרבאָרגן פאַר די דאָזיקע אויגן.

עמע

וואָס ווילסטו מיט דעם זאָגן?

אַדאָלף

איך קען דאָס לעבן, ליבע עמי, דעריבער נעם איך שטענדיק זאַכן אין זייער ווירקלעכער באַדייטונג, און נישט אַזוי ווי מען פאַרשטייט זיי געוויינטלעך. און לויט מיין מיינונג, קען נאָר דאָס פאַרגעטערן אַ יונגע, הערלעכע פרוי אָדער אלמנה שטאַרק מיטווירקן צו אַנטוויקלען די רייפקייט פון אַ יונגן מענטש. דו ביסט אַצינד אויך נאָך שיין, ליבע עמע.

עמע

וואָס קען מען ענטפערן אַ מענטש, וועלכער שעמט זיך נישט אין דעם דאָזיקן צימער...

אַדאָלף

Sans conseguences, ליבע עמע! אך ווייס דאָס שוין לאַנג. געוויינטלעך האָבן זין אין אַזעלכע פאַלן מער גליק, ווי די פאָטערס.

בעטי

(קומט צוריק)

ער האָט זיך באַרויקט. איך האָב אים אַריינגעלייגט אין בעטעלע.

ער איז זייער מיד, ווי ער וואָלט, גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ אויפ-רעגונג אַריבערגעטראָגן.

אַדאָלף

יאָ, מען וועט דאַרפן די טעג אַ שמועס טון מיט שמידן וועגן דעם קינד. איך האָב אין מיין לעבן קיינמאָל נישט באַגעגנט אַזאַ נערוועזש קינד, און דאָס פאַרשאַפט מיר עגמת-נפש: ווי עס זאָל דאָרט נישט זיין — אין דעם קינד פליסט דאָך אונדזער בלוט, און וואָס אָמבאַלאַנגט מיר, האָב איך עס ליב אַזוי שטאַרק ווי...

עמע

ווי עס וואָלט געווען דיינס אַן אייניקל... יאָ?

אַדאָלף

נו, יאָ.

עמע

עס איז דאָך אייער אייניקל.

אַדאָלף

איך האָב אים ליב, ווי ער וואָלט געווען מיינס אַ געזעצלעך אייניקל, ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן נאָך דער חתונה פון אַ פרוי, וועלכע מיר אַליין וואָלטן געגעבן הוגאָן.

עמע

עס איז גאָרנישט געדרינגען, אַז זי וואָלט געווען אַ בעסערע.

אַדאָלף

דו ביסט שטענדיק זייער אָריגינעל, ליבע עמע. נאָר אונדז קומט אויס אין לעבן צו האָבן צו טון, נישט נאָר מיט אַזעלכע מענטשן, ווי דו אָדער איך. דעריבער האָב איך אויך געזאָגט פריִער: דער קאַמף הייבט זיך אָן. דאַנקען גאָט, איך בין בכּוח אים צו פירן. איך האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט צו באַווייזן דאָס... יאָ.

בעטי

וואָס מיינסטו מיט דעם? פאַרוואָס רעדסטו וועגן אַ קאַמף?...

אַדאָלף

זאָג, איך בעט דיך, ליבע בעטי, דיר האָט זיך נישט געוואָרפן אין די אויגן אַריין דאָס, וואָס פון טאָג פון דער לויה אָן, האָבן זיך אַ טייל פון אונדזערע נאָנטע פריינט אויפגעהערט צו ווייזן צו אונדז?

בעטי

עס איז ערשט אַריבער אינגאַנצן איין וואָך.

אַדאָלף

פונדעסטוועגן... בײַ אַנדערע אומשטענדן וואָלטן זיי געקומען.

בעטי

פון די ביבערס און גרינבערגערס זייט, איז דאָס ווייער וווּנדערלעך.

אַדאָלף

נישט ביבער, נישט זיין פרוי, נישט זיינע טעכטער ווייזן זיך נישט.

בעטי

יאָ, אין ערגסטן פאַל, קענען מיר זיך אָפּזאָגן פון דער פריינטשאַפט. מיר האָבן אַ חוב, וועלכן מיר מוזן דערפילן.

אַדאָלף

אמת! דו ביסט אַ מוטיקע פרוי, בעטי: מיר האָבן אַ חוב — און אין דעם ליגט די אַנטשיידונג פון דער פראַגע. נאָר נישט אַ סך פאַרשטיין דאָס! אפילו די, וועגן וועלכע מען וואָלט געקענט אַנ-דערש טראַכטן.

עמע

נו, דערציילט שוין ענדלעך, וואָס דו האָסט דאָרטן!

אַדאָלף

היינט אינדערפרי האָב איך געטראָפן דעם דאָקטאָר מעטנער, ווען ער האָט געמאַכט זיין פרימאָרגן-שפּאַציר איבערן רינג. דו מוזט

מדה זיין, אז דאָס איז אַ מענטש אָן באַגרענעצטע פּאָראַרטײלן, אַ קעמפער פאַר אַלע פריידענקערישע אידעען, פונקט װי איך אַליין -- יאָ, איך קען זאָגן, אין װײַנער צייט, האָבן מיר האַנט בײַ האַנט...

עמע

(שטייט נערװעז אויף)

בעטי

נו, װאָס איז געשען מיט אים?

אַדאָלף

ליבנסווירדיקער פּראָפעסאָר, האָט מעטנער געזאָגט, איר האָט דער געזעלשאַפט דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים -- איך חזר איבער זיין אויסדרוק: „אַ פּאַטש".

בעטי

װאָס האָסטו אים געענטפערט?

אַדאָלף

איך? — ליבער דאָקטאָר, האָב איך געענטפערט, איך קען מיר דאָס דערלויבן. איך פאַרשטיי אונטער דעם מיין לאַגע, מיינע —

פערדינאַנד

(קומט אַריין)

גוטן אָװנט!

אַדאָלף

גוטן אָװנט, דאָקטאָר!

פערדינאַנד

(קוקט זיך אַרום אין צימער)

די גאַנצע צייט פאַרברענגט איר דאָ?

אַדאָלף

יאָ, דאָ װײַנען מיר צום נאָענטסטן צו אים.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

פרייליין פראַנצי איז בײַ זיך אין צימער?

ב ע ט י

פראַנצי איז נישט אינדערהיים, דאָקטאָר; זי וועט שנעל קומען. זי איז אוועקגעגאַנגען מיט טאָניען.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

מיט איר? איר האַלט דאָס נישט פאַר איבעריק?

אַ ד אָ ל ף

און וואָס האָב איך געזאָגט, בעטי? דער דאָקטאָר האַלט דאָס אויך נישט פאַר גלייך.

ב ע ט י

ליבער דאָקטאָר, זי איז דאָך בײַ אונדז.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

מיר דאַכט זיך, אַז נאָכדעם, ווי עס זיינען אַריבער די ערשטע שרעקלעכע טעג, איז ענדלעך אָנגעקומען די צייט זיך קלאָר אָפּצוגעבן אַ חשבון-הנפש פון אַלעם. איך בעט אייך, איך בעט אייך זייער, גיט ענדלעך אַ טראַכט, וועמען האָט איר דערלויבט צו ווײַנען איינציקע מיט אונדז אַלע אויפן קבר פון אייער זון...

ע מ ע

זי איז די מוטער פון זיין קינד!

ב ע ט י

יאָ, די מוטער פון זיין קינד!

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

די איז געווען זיין געליבטע, דאָס איז יעדנפאַלס אַ באַשטעטיקטער פאַקט — הייסט עס, אַזאַ פרוי, וועלכע מען לאָזט געוויינטלעך נישט אַריבער איבער דער שוועל פון אַן אָרנטלעך הויז.

עמע

דערקענט זי פריִער, איידער איר גייט זי אָפּשטעמפּלען מיט איין וואָרט.

פערדינאַנד

איך שטרעב גאָרנישט צו דעם. זיי אַלע האָבן שוין נאָכעם אַ תּירוץ, דאָס איז גאָר קיין נייעס נישט! זי איז נאָך געווּג שיין פאַר אירע קומענדיקע געליבטע. באַ אונדז איז פאַר איר קיין אָרט נישט.

אַדאָלף

ליבער דאָקטאָר, איר האָט אָנשוויינגען פון אַן ערלעכן מענטש, און מיך פריידט באַזונדערס, וואָס אַזעלכע אנשויונגען באַזיצט דער מענטש, וועלכן מיר האָבן באַשלאָסן אָנצוטרויען דאָס גליק פון אונדזער איינציקער טאָכטער. מיר אַלע ווייסן, אַז דאָס יונגע וועזן האָט געזינדיקט, און איך – דאַכט זיך, אַז דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך -- האָב נישט בדעה זיך צו באַציִען צו דער זאַך אַזוי לייכט. נאָר אין דער באַציונג צו אַזעלכע וועזנס, האָבן מיר איין רעכט, מיט וועלכן מיר קענען זיך באַנוצן אויך אין דעם פאַל, דאָס רעכט איז: מוחל צו זיין. אַזוי וועלן מיר טאַקע טון. -- איך בין איר מוחל!

עמע

מוחל צו זיין? דו רעדסט וועגן מוחל זיין? ופּאָזע, מיט שטאָלצקייט! וואָס מיינסטו? וואָס קען איבערהויפּט איין מענטש מוחל זיין דעם צווייטן? — וואָס פאַר אַ זעלבסט־מיינונג דאָס איז! מיר קענען באַשטראָפן, אויך זיך נוקם זיין. אין אַזעלכע פאַלן, בלייבן מיר טריי זיך אַליין, נאָר, פדי מוחל צו זיין, איז קיינער פון אונדז אַליין נישט גענוג גוט. איר דאַרפט נאָר דערפילן דעם לעצטן ווילן פון אייער זון און דאָס איז אַלץ.

אַדאָלף

מיר וועלן טאַקע אַזוי. איך ווייס נישט, וואָס דו ווילסט? אויב מיר

הילט זיך אויך נאָך — אַ חוץ דעם — איר מוחל זיין, איז דאָס מיין זאַך.

פערדינאַנד

הײַגאָס לעצטער ווילן? — איר ווייסט, וואָס עס איז געווען זיין לעצטער ווילן? מיר ווייסן די לעצטע ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגערעדט, ווען דער טויט האָט שוין אַרומגעהילט זיין באַוווסטזיין.

בעטי

(כמעט אַ דערשראָקענע)

ניין, דאָקטאָר, זאָגט דאָס נישט. ער האָט געוווסט, וואָס ער האָט געוואָלט. יאָ, ער האָט געוווסט.

פערדינאַנד

אויב מיר וועלן אַפילו אָננעמען אַזוי, שטעלט זיך דאָך פונדעסטוועגן אַ פראַגע — צי האָט ער געהאַט דאָס רעכט צונעמען אַ באַשלוס, וועלכער רירט אָן אַזוי טיף די לעבנס-באַדינגונגען פון זיין פאַמיליע?

עמע

ווי וואַגט איר אים צו פאַראורטיילן?

פערדינאַנד

איך פאַראורטייל אים גאָרנישט.

עמע

איר האָט אים קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען. איר האָט אים איבערהויפּט קיינמאָל נישט ליב געהאַט.

אַדאָלף

(ערנסט)

עמע, דו זאָגסט דאָס דעם לערער און פריינט פון אונדזער אַרימען הײַגאָ.

פערדינאַנד

איך האָב אים ליב געהאַט. — און לויט מיין מיינונג, גענוג פאַר-

שטאַגען. און דאָס איז אויך גאָרנישט אַזוי שווער געווען. ער איז געווען יונג, ליבנסווירדיק און גוט, נאָר קיין מענטש האָט ער נישט געקענט.

אַדאָלף

יאָ, ער איז געווען צו גוט פאַר דעם לעבן!

עמע

יאָ, צו גוט פאַר דעם לעבן. ער איז געווען בעסער, ווי איר אַלע קענט אייך דאָס גאָר פאָרשטעלן. — און דעריבער טאַקע האָט ער אין סאַמע לעצטן מאָמענט פון זיין לעבן געטון דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געקענט, און אַרויסגעלייגט אויף אייך די זאָרג וועגן די ביידע לעבנס, וועלכע וואָלטן אָן אייך זיכער אומגעקומען.

בעטי

און איך דאַנק גאָט, וואָס ער האָט נאָך געהאַט כּוח אַרויסצוברענגען די דאָזיקע ווערטער. ווען איך וואָלט מיך אַפילו ווייטיק געווען דער־וויסט, אַז ערגעץ־ווו לעבט אַ זון פון מיין הוגאָ, וואָלט איך אים זיכער אַליין געווען געגומען צו אונדז.

פערדינאַנד

דאָס קינד, פאַרשטיי איך, נאָר די מוטער...

בעטי

איך וואָלט זי נישט צעשיידט מיטן קינד.

אַדאָלף

דאָס וואָלטן מיר נישט געטון, ניין, דאָס וואָלטן מיר נישט געטון. נאָר איך קען אייך, דאָקטאָר, אינגאַנצן באַרויקן מיט איין וואָרט אַליין אַיינס וואָלטן מיר דאָך געדאַרפט צונעמען דעם־עס־אין צום קינד — שטעלט אייך פאָר, אַז טאָניע איז די בערזאָן. מיר וואָלטן נישט געפינען קיין בעסערע. מיט דעם אויסגאַנג, קען זיין, וועט אויך מיין געערטע שוועגערין איינשטימיק זיין.

שטובן־מיידל

(קומט אַריין)

הער פּראָפעסאָר ביבער פרעגט צו אייך. קענט איר אים אייגנטלעך?

אַדאָלף

ביבער? גאַנץ זיכער. מיר... פּראָפעסאָר ביבער איז אַליין... אָן דער פרוי?

שטובן־מיידל

יאָ, דער הער פּראָפעסאָר ביבער איז אַליין.

אַדאָלף

בעט אים שוין אַריין אין אויפנעם־צימער.

(דינסטמיידל אָפּ)

בעטי

זעסט, ער איז פונדעסטוועגן געקומען.

אַדאָלף

נאָר אָן דער פרוי... (עס קומט אים אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין) בעטי, ברענג אַריין דאָס קינד.

בעטי

(מיט באַדויערונג)

גאָט, ער שלאָפט דאָך אַצינד!

אַדאָלף

בעטי, ברענג אַריין דאָס קינד! זאָל ביבער זען, ווי אַלע וועט איר... מיר האָבן נישט קיין סיבה צו באַהאַלטן אונדזער אַרט האַנדלען. ברענג אַריין דאָס קינד.

בעטי

(גייט אַריין אין צווייטן צימער. ברענגט דאָס קינד)

אַדאָלף

(אַ קוק טוענדיק שטאָלץ אויף עמען)

ט . . . שב, מיין זיס, קליין יונגל! פיר אים בײַ דער האַנט, בעטי. אַזוי וועלן מיר אַנטקעגן גיין ביבערן. צום ווידערזען!

(אַדאָלף, בעטי, דאָס קינד גייען אַרויס)

עמע

האָט איר אים דען פיינט אויך אין קבר?

פערדינאַנד

פאַרוואָס זאָגט איר מיר דאָס?

עמע

איך ווייס, אַז אייער גאַנצע נאַטור איז אויפגעשטאַנען קעגן אים פון ערשטן מאָמענט אָן, ווי איר האָט נאָר אַריבערגעטרעטן די שוועל פון דעם הויז, נאָר אַצינד איז ער שוין נישטאָ. מיט אים איז פאַרשוווּנדן די פרייליכקייט און די גוטסקייט. פאַרוואָס-זשע האָט איר אים אַצינד פיינט? פאַרוואָס טראָגט איר איבער אייער האַס אויף דעם דאָזיקן אָרימען וועזן, וועלכעס האָט אים ליב געהאַט מער, ווי מיר אַלע!

פערדינאַנד

די זאַך איז אינגאַנצן נישט אַזוי, ווי איר שטעלט אייך דאָס פאָר, מאַדאַם . . . מעגלעך, אַז מיר זיינען זיך פרעמד געווען איינער דעם צווייטן. מיר האָבן גאַנץ באַזונדערע פאַרגאַנגענהייטן. איך האָב געהאַט אַן אָרימע, אומגליקלעכע קינדהייט — און ער האָט קיינמאָל נישט געוווּסט פון קיין זאָרג. ער האָט פון זיין פריסטער יוגנט אָן געהאַט אַלץ, וואָס באַגערט דאָס לעבן און איך האָב לאַנג, לאַנג גאָרנישט געהאַט. דאָס מאַכט מענטשן פרעמד. נאָר דאָס האָט זיך געביטן, ווי אייך איז אויך באַוויסט — און אויב איך האָב אים אַמאָל מקנא געווען, האָט דאָס זיך שוין געדאַרפט אַריבערגיין. און לויט אייך האָב איך פיינט די דאָזיקע פערזאָן נאָך זיין טויט, נאָך דעם, וואָס זי איז געווען זיין געליבטע? איך ווינטש איר דאָס העכסטע גליק אויף

דער ערד, נאָר לאָז זי נאָר נישט בלייבן דאָ, לאָז זי נאָר נישט זיין נאָענט לעבן פראַנציסקען.

עמע

פאַרוואָס? איר וועט דאָך באַלד פראַנציסקען אַרויסנעמען פון דעם דאָזיקן הויז.

פערדינאַנד

איר זענט אין דעם אינגאַנצן זיכער, מאַדאַם? איך פאַרזיכער אײַך אַז אַלץ וויגט זיך פון דער צייט אָן, זינט טאָניע וווינט דאָ. איך וועל נישט פילן קיין פולע זיכערקייט אין מיין גליק, אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זי קען זיך דערנענטערן צו פראַנצין. איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין עסקים מיט מענטשן פון דעם מין; איך האָב מורא פאַר זיי. איך פיל, אַז איך דאַרף זיי דאָ נישט פאַרטראָגן. זי איז געקומען פון אַן אַנדערער וועלט, פון אַזאַ וועלט, פון וועלכער קיין איין האָרך טאָר זיך נישט צורירן צו דער נשמה פון אַזאַ ערלעך מיידל, ווי פראַנצי איז — זאָל זי זיך אויך צוריקקערן דאָרט אַהין!

עמע

אַפילו פון אַן אַנדערער וועלט?

פערדינאַנד

יאָ, איך רוף אָן אַן אַנדערע וועלט דאָרט, ווו מען אָנערקענט נישט די געזעצן, אויף וועלכע עס האַלט זיך די גאַנצע אָרדענונג פון אונדזער בירגערלעכן לעבן, ווו מען נעמט זיך פשוט דאָס, וואָס עס געפעלט -- אָן געוויסנסביס, אָן חרטה. און איך קען נישט איבער-טראָגן, וואָס אַ פערזאָן פון דער וועלט פאַרבלייבט צוזאַמען מיט פראַנצין.

עמע

איר רעדט וועגן דער דאָזיקער אַנדערער וועלט, ווי אַ קינד וועגן עפּעס אַ לעגענדאַרן לאַנד, ווו עס וואָלטן עקזיסטירט גרענעצן: דאָ איז

די וואָלטאַס און דאָרט די זינד. דאָס לעבן איז נישט אַזוי פּשוט, בעסטער דאָקטאָר, גרענעצן וואָלטן געווען זייער באַקוועם פאַר אייך — נאָר זיי עקזיסטירן נישט. אין אונדז אַלע ליגט באַהאַלטן אַ שטרעבונג צו גליק, און איר האָט טאַקע מורא פאַר דעם דאָזיקן געפאַר! — אין דעם האָט איר איבעריקנס רעכט! איר דאַרפט אָפּהיטן פראַנצין פון אַ סך, נישט נאָר פון טאַניעס קעגנוואַרט.

פֿערדינאַנד

אויב פראַנציסקע פאַרבלייבן אַזעלכע, ווי זי איז געווען, וועט איין דעם נישט זיין קיין נויטווענדיקייט.

עמע

איר הייסט נישט פון וועלכער זייט מען קען דערוואַרטן דאָס געפאַר אַזעלכע מענטשן, ווי איר, קענען זיין, באַמערקן עס גאָרנישט. איינס וועל איך אייך זאָגן: אַ גליק, וועלכן זי וועט דערפילן אויף זיך אין אַ געהעריקן מאָמענט, אַ צאַפּל פון אַ פרילינגס-טאָג, קען איר געבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז מעגלעך פאַר איר אויך אַן אַנדער גליק אַ חוץ דעם, וועלכעס איר קענט איר געבן — און — די גרענעצן זיינען אָפּגעמעקט!

פערדינאַנד

דאָס זיינען פאַרבייגייענדיקע זאַכן. פרילינגס-טעג זיינען קורץ, גליק פאַרגעסן זיך שנעל, און טאַניע וואָלט געווען דאָ שטענדיק, און איר פילט דאָס פונקט אַזוי ווי איך — איר גליקט, איר רעדט, בלויז איר עקזיסטענץ רייסט זיך אַריין אַזוי שאַרף, אַז מען שרעקט.

פראַנציסקע

(קומט אַריין)

גוטן אָוונט!

פֿערדינאַנד

גוטן אָוונט, פראַנציסקע.

ע מ ע

און ווו איז טאַניע?

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

זי איז נאָך דאָרט געבליבן.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

ווו געבליבן?

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איך בין געווען מיט איר אין איר פריערדיקע וווינונג, (פערדינאַנד מאַכט א באַוועגונג) זי וויל ברענגען אַלץ אין אָרדנונג, אַזוי, אַז עס וועט איר אויסקומען נישט איינמאָל נאָך זיך דאָרט צוריקצוקערן.

ע מ ע

איך מיין אַזוי.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

מיר האָבן געהייסן אַלץ דאָ איבערשיקן. (צו ביידע) איך בין צופרידן, וואָס איך בין געווען מיט איר דאָרט. איך האָב מיר אַלץ אַנדערש פאָרגעשטעלט. ווי גליקלעך זיי זיינען געווען! מיט וואָס פאַר א צערטלעכקייט ער האָט זי אַרומגערינגלט. פילסט דאָס, ווען דו געפינסט זיך דאָרט. אַלץ איז געבליבן אַזוי, ווי עס איז געווען אין לעצטן טאָג. ער האָט נאָך געדאַרפט קומען אין יענעם אָוונט, און אַלץ זעט אויס, ווי עס וואָלט געוואַרט אויף אים. אויפן טיש זיינען געשטאַנען פיאַלקעס, וועלכע ער האָט איר געבראַכט דאָס לעצטע מאָל, ווען ער איז געווען דאָרט. טאַניע איז צוגעגאַנגען מיט מיר צום פענסטער, און מיר האָבן צוזאַמען אַראָפּגעקוקט אויפן הויף, ווו פראַנציק פלעגט זיך פריער שפּילן. דאָרט זיינען געווען קליינע קינדער. — ווען זיי האָבן אונדז דערזען, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען צו אונדז און געפרעגט טאַניען, ווען פראַנציק וועט זיך ווי-

דער שפּילן... זי האָט אַזוי געוויינט... (אַ גרויסע פּאַוזע) דער טאַטע און די מאַמע זיינען אינדערהיים?

עמע

זיי האָבן געסט: פּראָפעסאָר ביבער.

פראַנציסקע

אַך, זיי זיינען ענדלעך געקומען?...

עמע

בלויז ער. — איך קען, צום באַדויערן, לענגער נישט וואַרטן, גריס זיי פון מיר. — זיי געזונט! — צום ווידערזען, הער דאָקטאָר

פראַנציסקע

דו גייסט שוין אַוועק? — גריס אַגנעסען. טאָניע האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט היינט...

(די לעצטע ווערטער דערגרייכט זי הינטער דער טיר.
פערדינאַנד בלייבט אַליין)

פראַנציסקע

(קומט צוריק, וויל אַרויסגיין מיט דער טיר רעכטס,
אין ווינקל)

פערדינאַנד

דאָס קינד איז בײַ אייערע עלטערן, פריילין פראַנצי.

פראַנציסקע

יאָ. איר ווילט אפשר אויך אַריינגיין אַהין? דער טאַטע. ווייזט אויס, איז זייער שטאָלץ מיט דעם קלייגעם.

פערדינאַנד

פראַנציסקע, איז דאָס טאַקע אמת! — איר זענט געווען אין יענער וווינונג מיט טאָניען?

פראַנציסקע

נו, יאָ. פאַרוואָס וווּנדערט דאָס אייך?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

פראנציסקע, איך וויל דאָס האַלטן פאַר אַ גוטן סימן, וואָס איך קען מיך היינט דורכשמועסן מיט אייך אין דעם צימער, וווּ עס רינגלען אונדז אַרום ערינערונגען וועגן אייער טייע"ן ברודער. איך האָב אייך אַזוי פיל צו זאָגן. פון יענעם אומגליקלעכן טאָג אָן, האָבן מיר נישט גערעדט אַפילו קיין צען ווערטער איינער מיטן צווייטן, און דווקא אין יענעם אָוונט...

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איר רעדט אַזוי מאָדנע.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

ענטפערט מיר ערשטנס אויף איין פראַגע. עס האָט זיך גאָרנישט אין אייך דערוועקט קעגן דעם, ווען איר האָט איבערגעטראָגן די שוועל פון יענער וווינונג, פון וועלכער איר זענט באַר־וואָס געקומען?

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

קעגן דעם? ווי אַזוי איז דאָס אייך איינגעפאַלן? איך האָב שוין לאַנג געשטרעבט צו דעם!

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

ניין, דאָס איז נישט געווען.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

יאָ — איך האָב געשטרעבט. ווען איר וואָלט געוויסט, פערדינאַנד, מיט וואָס פאַר אַ הייליקן ציטער איך בין אַריינגעגאַנגען אין דער דאָזיקער וווינונג! — דאָס איז געווען אַ מער טיפער, מער הייליקער ציטער, ווי אויפן בית־עולם אויף זיין קבר... דאָרט, וווּ ער האָט געלעבט מיט איר. וווּ ער איז געווען גליקלעך, האָב איך מיך בעסער געקענט ערינערן אָן אים, ווי דאָרט, וווּ ער — (גיט אַ ציטער) פאַרוואַנדלט זיך ביסלעכווייז אין שטויב. ווען איר וואָלט דאָרט געווען צוזאַמען מיט מיר! — ווען איר וואָלט זי געזען, ווי איך האָב זי געזען —

וואָלט איר פאַרשטאַנען, אַז איך מעג זי ליב האָבן, ווי אַ שוועסטער.

פערדינאַנד

פּאַראומרייניקט נישט דעם דאָזיקן הייליקן נאָמען! די פּערזאָן — אייער שוועסטער!? וואָס פאַר אַ כישוף עס גיבן פון זיך אַרויס אַזעלכע באַשעפענישן אַז אַפילו אַזאַ מיידל, ווי איר, פראַנציסקע קען פאַרגעסן, ווער דאָס איז פאַר איינע.

פראַנציסקע

וואָס-זשע האָב איך פאַרגעסן, לויט אייך? הוגאָ האָט זי ליב געהאַט, זי איז די מוטער פון זיין קינד — אָט דאָס איז איר גאַנצער כישוף אין דער באַציִונג צו מיר. איך וואָלט געוואָלט, פערדינאַנד, אַז אויך איר זאָלט אים פילן.

(אַדאָלף, בעטי. דאָס קינד קומען אַריין)

פראַנציסקע

(וואַרפט זיך צום קינד)

פראַנציק!

אַדאָלף

מיין ליבע פראַנצי! ווייסט ווער עס איז געווען בא אונדז נאַר-וואָס?

פראַנציסקע

(פאַרנעמען מיטן קינד)

פּראָפעסאָר ביבער, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן? — וואָס איז מיט דיר, קינדעלע? פאַרוואָס איז ער אַזוי שטיל?

אַדאָלף

(קוקט, ווי עס זעט אויס, געררירט אויף פראַנציסקען)

בעטי

ער איז אַזוי מיד.

פראַנציסקע

וואָס האָט איר געטאָן מיט אים?

ב ע ט י

דער טאַטע האָט אים דווקא געוואָלט ווייזן ביבערן, און דעריבער בין איך גענומען געווען אים אויפצוּוועקן פון שלאָף.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(ווענדט זיך ווידער צום קינד)

יאָ, און אצינד וועט זיך פראַנציק ווידער לייגן — יאָ? ווען די מאַ-מע וועט צוריקקומען אַהיים, וועט פראַנציק ווידער זיין אַ פרישעטש-קער און אַ פריילעכער, אמת?

ק י נ ד

און ווו איז די מאַמע?

(פראַנציסקע און דאָס קינד גייען אַרויס מיט דער אינ-טערשטער טיר, רעכטס)

אַ ד אָ ל ף

ליב קינד!... און דאָס פילט נאָך גאָרנישט.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

וואָס איז געשען?

אַ ד אָ ל ף

דער פראָפעסאָר ביבער האָט אונדז געמאַכט אַן אָפיציעלן געזעגע-נונגס-וויזיט.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

גאַנץ זיכער! ער האָט דאָך אַ פרוי און אַ טאָכטער.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(קומט צוריק)

אַזוי ביז האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געזען דאָס קינד. וואָלט כאָטש מאַמע שוין צוריקגעקומען.

ב ע ט י

די טעכטער גריסן דיך.

אַדאָלף

נעם דאָס אָן, ווי אַ געזעגענונג-גרוס. דו וועסט זיי שוין מער נישט זען.

פראַנציסקע

(מיט שרעק)

וואָס איז געשען?

אַדאָלף

טייערע, מיר זיינען געבליבן אליין. די ביבערס וועלן שוין אין נישט זיין מיט אונדז אין פריינטשאַפט.

פראַנציסקע

אָט אין וואָס עס האַנדלט זיך...

בעטי

ביבער האָט דאָס נאָך נישט געזאָגט.

אַדאָלף

ליבע בעטי, לויט מיין מיינונג, איז דאָס געווען גאַנץ קלאָר. ערשטנס איז ער געקומען אַליין. דאָס איז געווען אַ לעצטער געזעגענונגס-וויזיט. ער האָט אָפּגעזאָגט מיין איינלאַדונג צו באַזוכן אונדז אויף דער זומער-ווילינונג.

פראַנציסקע

אין וואָס פאַר אַ פאָרם, טאַטע?

אַדאָלף

ער האָט אויסגעטראַכט אַן אויסרייד... אין אויגוסט וועלן זיי פאָרן קיין שווייצאַריע, ווי ביז אויגוסט וואָלט געווען וויניק צייט — יאָ, מיינע ליבע, אצינד זיינען מיר געבליבן בלויז מיט זיך אַליין — (נעמט אָן פערדינאַנדן באַ דער האַנט) — און דעריבער דאַרפן מיר זיך נאָך ענגער צוזאַמענשליסן. עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז באַזונדערס אַצינד, נאָך דער שרעקלעך-טרויעריקער צייט, כאַפּט

אונדז אַלע הייס אַרום אַ דורשט נאָך בעסערע טעג. אונדזער חוב, בעטי, קען גיכער באַשטיין אין דעם, צו טראַכטן וועגן גליק פון די קינדער — וועלכע דער ליבער גאָט האָט אונדז איבערגע־לאָזט אײדער זיך אַרײנצולאָזן אין אומזיסטן טרויער, וועלכער וועט אונדז שוין נישט אומקערן די געשטאָרבענע!

בעטי

אַדאָלף!

פראַנציסקע

טאַטע!

אַדאָלף

איר האָט מיך פאַרשטאַנען? איך מיין, אַז דאָס וועט אויף קיין האָר נישט ווידערש. רעכן דער ערנסטקייט פון אונדזער איצטיקער שטי־מונג, אויב דיין פאַרלאָבונג, ליבע פראַנציסקע, וועט באַקאַנט גע־מאַכט ווערן נאָך פאַר אונדזער אַרויספאָרן אויף דער זומער־וווינונג.

פראַנציסקע

אַצינד איז נישט קיין צייט אויף קיין שמחות.

אַדאָלף

אויף דעם קען מען ענטפערן: אַ פאַרלאָבונג איז נישט קיין שמחה! ערנסט גערעדט, איז אַ פאַרלאָבונג אַ הייליקע און פייערלעכע זאַך — און באַזונדערס פאַר אייך, וואָס איר קענט אייך שוין אַזוי לאַנג. באַטראַכט נאָר, ליבע פראַנציסקע, ווי איינזאַם מיר וועלן אַצינד זיין, — און אויב אונדז וועט נאָך בלייבן איין געטרייער פריינט, דאַרפן מיר אים טאָפּלט שעצן.

פראַנציסקע

מיר וואָלט זיך זייער געוואָלט גלייבן, אַז איר זענט אונדזערס אַ געטרייער פריינט.

פּערדינאַנד

איר צווייפלט אין דעם, פראַנצי?

(ער דערלאַנגט איר די האַנט, וועלכע זי קווענקלט זיך
צו נעמען)

טאָניע

(קומט אריין, טראָגט אין דער האַנט עטלעכע פּאָטאָ-
גראַפיעס. באַם דערזען די ראָזיקע גרופּע, בלייבט זי
שטיין בײַ דער טיר)

פראַנציסקע

(גייט שנעל צו איר)

גוטן אָוונט, טאָניע.

טאָניע

(זייער אַן אויפגערעגטע)

גוטן אָוונט!

בעטי

וואָס איז מיט אייך, טאָניע! ווי איר זעט אויס!

טאָניע

גאָרנישט, עס וועט איבערגיין.

פראַנציסקע

איר האָט געוויינט, טאָניע.

אַדאָלף

היינט דאַרפן נישט זיין מער קיין טרערן. פרייט אייך צוזאַמען
מיט אונדז, טאָניע. צו דער פאַרלאָבונג פון פראַנציין מיטן דאָקטאָר.

טאָניע

(קאַלט)

איך גראַטוליר.

(קליינע פּאַוזע)

אַדאָלף

איר קענט זיך פרייען, טאָניע, איר דאַרפט אייך פרייען. זייט זיכער, אַז אויב אונדזער אָרימער הוגאָ אַליין וואָלט אייך געזען דאָ צווישן אונדז, וואָלט ער אויך פאַרלאַנגט, אַז איר זאָלט זיך טיילן מיט אונדזער פרייד.

פערדינאַנד

(אין דער צייט פון אַדאָלפס לעצטן געשפּרעך, האָט ער, ווי צופעליק, גענומען די פאָטאָגראַפיעס פון טאָניעס הענט, און קוקט זיי אויפמערקזאַם דורך. פּאַוזע)

טאָניע

(גיט אויף אים אַן אויפמערקזאַמען קוק. פּלוצלינג)

װוּ איז מיין זון?

(לויפט אין צווייטן צימער אַריין)

אַדאָלף

מיר דאַכט זיך, אַז זי וואָלט געקענט נעמען אַ האַרציקערן אַנטייל אין אייער גליק.

פערדינאַנד

(קוקט אַדורך די פאָטאָגראַפיעס)

ווער איז דאָס?

בעטי

דאָס איז אַן אַלטע פאָטאָגראַפיע פון הוגאָ. גאָט!... ער איז דאַמאָלס אַלט געווען ניינצען יאָר.

אַדאָלף

װאָס פאַר אַן איידעלע געזיכטס-צוגן.

פערדינאַנד

ניין, אָט די דאָזיקע... פון דעם אַלטן הער!

פראַנציסקע

דאָס איז טאָניעס פאָטער.

פערדינאַנד

איר ווייסט דאָס זיכער, פראַנצי?

פראַנציסקע

זיכער, זי אַליין האָט זי מיר נאָר וואָס דאָרט געוויזן. די פאָטאָגראַפיע איז געשטאַנען אויף א קליינעם טישעלע בײַם פענסטער, ווו זי האָט געאַרבעט, צוזאַמען מיט הונגאַס פאַטאָגראַפיע.

פערדינאַנד

ווּנדערלעך. איך האָב געקענט דעם דאָזיקן אַלטן הער... ווערבער... טעיער?... איך דערמאַן מיך דעם נאָמען.

אַדאָלף

טאַקע?

בעטי

פון וואַנען?

טאָניע

(קומט אַריין)

מאַדאַם, איך ווייס נישט וואָס עס איז מיטן קינד. מיט אים איז עפּעס געשען. דער דאָקטאָר, איך בעט אייך.

פערדינאַנד

איך האָב געקענט אייער פאָטער, פרײַלין טאָניע.

טאָניע

איר?

פערדינאַנד

נאָר, מוז זיין אין דער צייט, ווען איר האָט אים שוין מער נישט געקענט.

טאָניע

(ציטערט אויף)

פערדינאַנד

איך פלעג, אין פאַרלויף פון אַ געוויסער צייט, אָפט זיין בא אים.

טאָניע

איר פלעגט זיין בא אים?

פערדינאַנד

איך האָב אים געהיילט, ווען ער איז קראַנק געווען דאָס לעצטע מאָל —

טאָניע

אָך!

בעטי

אמת!

אַדאָלף

ווי מערקווירדיק עס פלעכטן זיך טיילמאָל צוזאַמען די פעדים פון גורל,

פערדינאַנד

אַצינד, ווען איך זע פאַר מיר די דאָזיקע פאָטאָגראַפיע, דערמאָן איך מיך ווידער אָן אַ סך, אַ סך.

טאָניע

דאָס איז געווען שוין לאַנג —

פערדינאַנד

איך מיין אַ יאָר דריי צוריק. איך בין נאָך געווען אַסיסטענט.

טאָניע

ער האָט גערעדט דאַמאָלס וועגן מיר?

פערדינאַנד

ער?... קיינמאָל.

טאָניע

ט, אודאי.

פערדינאַנד

זיין פאָטאָגראַפיע באַהאַלט איר, און דעם אַלטן האָט איר געלאָזט שטאַרבן אַליין.

אדאָלף

וואָס? איר האָט איבערגעלאָזט אייער פאָטער אַליין.

טאָניע

דאָס איז געווען נישט מיין שולד, וואָס עס איז אַזוי אויסגעקומען.

פערדינאַנד

טאַקע!

טאָניע

ווייסט איר דען, וויפיל מאָל איך בין געשטאַנען בײַ זיין טיר. און ער האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט!

פערדינאַנד

דאָס האָלט געווען זייער באַקוועם, ווען עס האָלטן זיך באַלד ווידער צוריק ברייט אויפגעפראַלט די טירן, וועלכע האָבן זיך פאַרקלאַפּט פאַר אַזעלכע טעכטער, ווי איר.

אדאָלף

אין דעם קען מען נישט באַשולדיקן דעם פאָטער.

טאָניע

הערט־זשע מיך אויס.

פערדינאַנד

א סך, א סך דערמאַן איך מיך אַצינד. בײַ אייער פאָטער זיינען געזעסן צוויי אַלטעטשקע — ווי מיר געדענקט זיך — קרובים וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען ארום אים.

אַראָלף

דאָס איז געווען אייער חוב, טאַניע!

פערדינאַנד

זיי האָבן מיר דערציילט וועגן זיין טאָכטער, וועגן דער חרפּה, וואָס ער האָט איבערגעלעבט צוליב איר, וועגן דעם צער, וואָס ער האָט איבערגעליטן צוליב איר, און אַזעלכע אויפרעגונגען קענען נישט דערלענגערן דאָס לעבן פון עלטערע מענטשן.

בּעטי

פּאָמיר דאָס געמאַכט לאָזן אַצינד.

אַראָלף

וועגן דעם אַלעם האָבן מיר גאָרנישט געוווּסט ביזן היינטיקן טאָג

טאָניע

מען האָט מיך נישט געפרעגט. איך וועל אייך אַלץ דערציילן.

פערדינאַנד

אוודאי איז פריילעכער צו לעבן מיט אַ געליבטן, ווי צו וואַכן בּאַם בעט פון אַ קראַנקן טאַטן! — דאָס הייסט בּאַ זיי: געניסן פון דער יוגנט — און מען שמייכלט נאָך אונטער ליבלעך, ווען מען רעדט וועגן דעם. — נאָר אַזוי לייכט טאָר מען זיך נישט באַציען צו דעם, ווי אָנגענעם דאָס זאָל נישט זיין פאַר טייל דאָ אַנוועזנדע, בּל-זמן עס זיינען דאָ פאָטערס, וועלכע קומען אום, צוליב אַזעלכע קינדער.

פראַנציסקע

ענטספער-זשע, טאַניע!

טאָניע

דאָס איז נישט אמת, אַז ער איז געשטאָרבן צוליב דעם, נישט אמת, נישט אמת, אַז איך האָב אים איבערגעלאָזט אַליין - נאָר אַז מיר אַליין, איז עס געווענדט געווען, ער זאָל מיך אַריינגעמען צוריק אַהיים - נישט קוקנדיק אויף גאָרנישט!

בעטי

וואָס רעדט איר!

טאָניע

ער האָט דאָס טאַקע נאָר געפּאָדערט, איך זאָל זיין צוריק בײַ אים.

אַדאָלף

פאַרוואָס זשע האָט איר דאָס נישט געטון?

בעטי און פראַנציסקע

ניי —

טאָניע

דאָס קינד האָב איך געדאַרפט אַוועקגעבן צו פרעמדע מענטשן!

פראַנציסקע

אַך, גאָט!...

פערדינאַנד

דאָס איז געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכער פאַרלאַנג. איר האָט אים געדאַרפט דערפילן!

אַדאָלף

דאָס שרעפּט אָפּס.

בעטי

ניין!

טאָניע

איך וואָלט עס נישט געטון פאַר קיין זאַך אין דער וועלט. און צי מיינט איר, אַז הוגא וואָלט געווען איינגעשטימט אויף דעם?

פערדינאַנד

אויב איר וואָלט אים געוועז געבעטן, קען זיין, אַז איר וואָלט דאָס געווען געקענט אויספירן!

טאָניע

וואָס פאַרשטייט איר פון דעם? אויב מען איז פאַר וועמען-עס-איז

פאַראַנטוואָרטלעך אויף דער וועלט — איז עס נאָר פֿאַר אַן אייגן קינד. און נאָר דאַמאָלס איז איבערגעריסן געוואָרן אַלץ מיטן פֿאָטער, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אַלץ איז אומזיסט, אַז איך וועל דאָס קינד נישט אַוועקגעבן. — ער האָט מיך מער נישט אַרײַנגע־לאָזט און אַוועקגעטריבן פֿון דער טיר... אַזוי לאַנג, ביז איך האָב ענדלעך אויפֿגעהערט צו קומען.

פראַנציסקע

וואָס איר האָט אויסגעליטן!

טאָניע

יאָ, איך האָב געליטן, נאָר פֿאַרוואָס האָט דער טאַטע מער נישט געוואָלט הערן פֿון מיר? וואָלט איך דען נישט געווען געבליבן די זעלבע אויסגעלאַסענע, אויב איך וואָלט געווען אַוועקגעגעבן דאָס קינד צו פֿרעמדע מענטשן, און אויב די מענטשן אינדערהיים האָלטן זיך גאָרנישט געווען דערוויסט וועגן דעם, און איך וואָלט ווידער געפֿירט דעם טאַטנס באַלעבאַטעשקייט, פּונקט ווי פֿריִער, צי וואָלט איך דען געווען געוואָרן אַן אַנדערע?

פערדינאַנד

דאָס — נישט! נאָר אײַער חוב וואָלט איר געהען דערפֿילט!

טאָניע

איך האָב אַזוי געטון.

פראַנציסקע

פֿאַרוואָס זענט איר גלייך נישט געקומען צו אונדז?

אַדאָלף

טייערענקע, איך בעט דיך, מיש דיך נישט אין די פֿראַגן.

פערדינאַנד

ווי אַזוי איז דאָס דיר אײַנגעפֿאַלן, פֿראַנציסקע?

טאָניע

צו אייך!... דאַמאָלס? ווי האָב איך דאָס געפּרווט!

פראַנציסקע

נו, יאָ — פאַרוואָס האָט הוגאָ דאַמאָלס נישט גערעדט מיט אייך! —
(ווענדט זיך צו די עלטערן) באַלד דאַמאָלס!

טאָניע

איר... וואָלט אונדז... ווייניק געווען געהאָלפן.

אַדאָלף

פונדעסטוועגן — איך אַליין שטעל מיר די פראַגע: פאַרוואָס האָט אונדזער אָרימער הוגאָ אַמווייניגסטנס נישט געפּרווט, אויב ער האָט זיך ערנסט באַצויגן צו אייך, ווער ווייסט אויף וואָס איך האָב מיך געקענט אַנטשליסן בײַ אַזעלכע אויסערגעוויינטלעכע אומשטענדן

בעטי

דאַמאָלס... זיכער אויף גאָרנישט, אַדאָלף.

טאָניע

הוגאָ האָט אויך אַזוי געזאָגט.

אַדאָלף

ווי עס ווײַזט אויס, קען מען מיך ווייניק אין מײַן אייגענעם הויז.

פערדינאַנד

יעדער-זשע זאָגט עס, אַז הוגאָ האָט געהאַט אַ מיין זיך צו פאַרבינדן אויפן גאַנצן לעבן.

טאָניע

(שטאַרק)

מיר האָבן געהאַט אַ קינד!

בעטי

יאָ! באַזונדערס איז אַצינד נישט די צייט נאָכצוקלערן וועגן דעם.

ווען אונדזער הוגאָ איז שוין נישטאָ מער מיט אונדז, פֿאַר מיר זענט איר זיין פֿרוי, קומט אַהער צו מיר, טאָניע, קומט אַהער.

פראַנציסקע

איר זענט אונדזער, טאַניע, דו ביסט אונדזער.

בעטי

און וואָס עס זאָל דאָרט נישט זיין — אַזוי איז געווען זיין ווילן!

(דערלאַנגט איר די האַנט)

טאָניע

(קושט איר די האַנט)

בעטי

(נעמט זי אַרום)

איך בין אייער מוטער!

אַדאָלף

(דערלאַנגט איר די האַנט)

טאָניע

הער...

אַדאָלף

וואָס פֿאַר אַ הער דאָרט... אָדער גאָר „הער פּראָפעסאָר". רופֿט מיך פֿאָטער, — יאָ, רופֿט מיך פֿאָטער!

טאָניע

(קושט אים די הענט)

אַדאָלף

נישט אַזוי, טייערע! (שליסט זי איין אין זיינע אָרעמס) דאָ איז אייער אָרט!

(מאַכט בעטין אַ צייכן, זי זאָל צוגיין, מיט דער דייטשער אָבזיכט צונויפצושטעלן אַ גרופּע)

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

גיט איר די האַנט, פערדינאַנד!

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

איך קען ניט.

אַ ד אָ ל ף

(וואַרפט אַ בליק אין דער הייך)

ווי מיינסטו (מיט טרערן אין קול), בעטי, ער איז אַצינד צופרידן?

ק י נ ד

(פון צווייטן צימער)

מאַמע

ט אָ נ י ע

(הערט זיך צו)

ק י נ ד

(וויינט הויך)

מאַמע!

ט אָ נ י ע

(לויפט אַהין)

אַ ד אָ ל ף

וואָס איז מיט דיר?

ב ע ט י

דאָס קינד...

ט אָ נ י ע

(קערט זיך שנעל צוריק)

מאַדאַם...

ב ע ט י

וואָס איז געשען?

טאָניע

דאָס קינד... איך ווייס נישט, וואָס עס איז מיט אים...

(טאָניע און בעטי גייען אָפּ, פראַנציסקע נאָך זיי)

אַדאָלף

זיי צוגעבינדען זיי זיינען אַלע צו דעם קינד, דאָקטאָר, דאָס שוינקט מיך, — איך קען גאָרנישט העלפן צו דעם...

פראַנציסקע

(קערט זיך שנעל צוריק זייער אַן אויפגערעגט)

אַדאָלף

נו, וואָס?

פראַנציסקע

איך האָב אַזוי טאַקע געוווסט... ער איז אויך אַן אמת קראַנק.

טאָניע

(קומט שנעל אַריין, נעמט אָן פערדינאַנדן בא דער האַנט מיט געבעט)

הער דאָקטאָר — איך בעט אייך, קומט. - -

(טאָניע, פערדינאַנד און נאָך זיי אַדאָלף גייען אַרויס)

פראַנציסקע

(אַליין)

גאָט, גאָט! דו וועסט אונדז נישט צונעמען פראַנצן!

(פאָרהאַנג)

## דריטער אקט.

(אין א האָך אַרום נאָך דער צווייטער אַקט. די זעלבע דעקאָראַציעס. א הייסער זומערדיקער נאָכמיטאָג. די זשעלוזן אין גאַנצן הויז אַראָפּגעלאָזט.

לולו

(שטייט אויף די קני און באַמיט זיך צוזאַמענצונעמען שפּילעכלעך אין א קליין טאָרבעלע אַריין)

פראַנציסקע

(זיצט אויף א שטול, האַלט די שפּילעכלעך אויף די קני און דערלאַנגט זיי לולון איינס נאָכן צווייטן)

לולו

(צו פראַנציסקען, וועלכע האַלט אַ שפּילעכל אין דער הענט און באַטראַכט עס זייער טרויעריק)

ט, פראַנצי —

פראַנציסקע

נאַ. —

לולו

(קוקט אויף פראַנציסקען)

זיי נישט אַזוי טרויעריק, פראַנצי! — מיר וואַרפן טראַכטן, אז צו האָט זיך אונדז נאָר אין שלאָף געחלומט א פראַנציק

פראַנציסקע

שנעלער... שנעלער, מיר דאַרפן ענדיקן פריער איידער טאַניע וועט אַהיימקומען.

לולו

(שטעלט זיך ווידער אויף די קני, און הייבט אָן ווידער צונויפצונעמען)

אַגנעסע

(קומט אַריין מיט דער טיר רעכטס)

לולו

(צו פראַנציסקען, וועלכע ציטערט אויף)

דאָס איז אַגנעסע.

פראַנציסקע

גוט מאָרגן, אַגנעסע!

אַגנעסע

גוט מאָרגן, וואָס טוט איר? איר פּאַרפּאַקט?

לולו

יע, אַגנעסע.

אַגנעסע

(גייט צו נענטער)

אָט וואָס...

לולו

דאָס אַלץ האָט געהערט דעם אָרימען, קליינעם פראַנציסק.

אַגנעסע

וואָס וועט איר טון מיט דעם?

לולו

מיר וועלן דאָס באַהאַלטן אויף אַן אַנדערנס.

פראַנציסקע

מען קען דאָס דאָ נישט איבערלאָזן. מאָרגן פאָרן מיר אַוועק

אַנגעסע

מאָניע אויך?

פראַנציסקע

מיר וועלן זי דאָך נישט איבערלאָזן איינע אַליין אין שטאָט.

אַנגעסע

אַוודאי — ווו איז זי?

פראַנציסקע

מיר האָבן געמוזט אויסקלויבן אַזאַ שעה, ווען זי איז נישטאָ אינ־דערהיים. ווען זי איז אינדערהיים, זיצט זי אַ גאַנצן טאָג מיט די־דאָזיקע זאַכן און לאָזט נישט אַרויס קיין איין קלאַנג.

אַנגעסע

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

לולו

אַלץ ליגט אַזוי ווי אין ערשטן טאָג.

אַנגעסע

איך וואָלט מיך נישט אַנטשלאָסן זיך צוצורירן צו קיין איין זאַך

(זי שטייט לעבן פראַנציסקען, נעמט מיט שרעק פון אירע קני אַ קליין היטעלע, דרייט עס אין אַלע זייטן)

פראַנציסקע

ווילסט עס דיר נעמען?

אַנגעסע

יאָ .. און איך וועל אויך האָבן עפּעס אַן אָנדענק!

(די קוקט זיך אום, ווייל עס עפנט זיך די טיר; זי זעט, אַז מאָניע איז אַריינגעקומען, און באַהאַלט דאָס היטעלע)

לוּלוּ

(וויל שנעל פאַרדעקן דאָס טאָרבעלע)

טאָניע

(גייט צו, זעט וואָס זיי האָבן געטון)

אַזוי...

(קוקט טעמפּ אויף די זאַכן)

פראַנציסקע

מיר... האָבן געוואָלט... בעסער...

לוּלוּ

ווילסט, וועל איך דאָס אַריינטראָגן אין דיין צימער אַריין.

טאָניע

ווי דו ווילסט.

(דרייט זיך אַוועק)

לוּלוּ

(אויף פראַנציסקעס אַ צייכן, גייט אַוועק מיטן טאָר־בעלע. ער גייט אַרויס מיט דער אונטערשטער טיר, רעכטס)

טאָניע

גוט מאָרגן, פריילין אַגנעסע!

אַגנעסע

(אין פאַרלעג־הייט)

גוט מאָרגן.

טאָניע

(צו פראַנציסקען)

וואָסטאַ׳ איז דאָ נישט געווען?

פראַנציסקע

ניין. און איר וווּ זענט געווען, טאָניע?

טאַניע

(רעדט צעשטרייט, ווי מען וואָלט איר געשטערט. דאָ רעדט זי רויִק, דאָ רעדט זי פלוצלינג שטאַרקער, ווער־שער אָן אַ שום סיבה אַרויס מיט אַן אויפגערעגטן קול)
איך האָב שפּאַצירט.

פראַנציסקע

עס איז נישט זייער הייס?

אַנגעסע

(קוקט אויף טאַניען מיט עפּעס אַ באַהאַלטענער שרעק)

טאַניע

יאָ, זייער הייס. באַזונדערס, ווען מען גייט — נאָר אַליין, איז זיך אין ערגעץ נישט מעגלעך אַנידערצוזעצן. אין שטאָט־פּאַרק האָב איך מיך געוואָלט אָפּרוען אויף אַ באַנק, האָט זיך באַלד עמעצער צוגעזעצט צו מיר און אָנגעהויבן רעדן.

אַנגעסע

(קוקט אויף פראַנציסקען)

טאַניע

און אַזוי איז שטענדיק: מענטשן האָבן אַפילו נישט קיין אַכטונג פאַר קיין טרויער־קליידער, נאָר וואָס זאָל איך טון? אין שטוב קען איך נישט בלייבן...

פראַנציסקע

מאָרגן אין דער צייט וועלן מיר שוין זיין אין אונדזער סאָד. די פרישע לופט דאָרט און די רו.

טאַניע

(קוקט גלייך פאַר זיך)

רו איז דאָ נאָר אויף איין אָרט... — (פּאַוזע) פאַרוואָס קוקט איר אויף מיר, אַנגעסע?

אַגנעסע

ניין, אין אמתן ניין.

טאָניע

(נישט הויך צו אַגנעסען, ווי דערקלערנדיק איר)

איך בין נישט שולדיק. איך בײַ אַנדערע פרויען שטאַרבן קינדער.

פראַנציסקע

טאָניע!

אַגנעסע

(אין גרויס פאַרלעגנהייט)

איך דאַרף אַצינד אַוועקגיין צום ווידערזען, פראַנצי!.. צום ווידערזען, טאָניע!

פראַנציסקע

דו גייסט שוין אַוועק, אַגנעסע?

אַגנעסע

איך וועל צוריקקומען שפּעטער. די מאַמע וועט אויך צוקומען זיך געזעגענען מיט אייך. איך וועל קומען נאָך איר. צום ווידערזען!

טאָניע

(דערלאַנגט טאָניען די האַנט)

(קוקט אויף איר, ברייט עפענענדיק די אויגן)

צום ווידערזען?

פראַנציסקע

(באַגלייט זי צו דער טיר)

וואָס איז מיט דיר?

אַגנעסע

איך ווייס נישט — מיר איז אַזוי שלעכט, ווען איך זע זי.

ט אָ נ י ע

(קוקט איר נאָך)

(פּאָזע)

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איך דאַרף נאָך גיין אין גאַס אַריין, טאָניע, קויפן עפּעס. איר ווילט מיטגיין מיט מיר?

ט אָ נ י ע

ניין.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

אפשר קויפן אייך עפּעס?

ט אָ נ י ע

צוואָס?

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איר וועט זיך דאָך וועלן מיט עפּעס באַשעפטיקן אויף דער זומער־וווינונג, נישט אמת? אפשר ברענגען אייך עפּעס? מען טאָר זיך נישט אָפּגעבן די גאַנצע צייט נאָר די אייגענע געדאַנקען.

ט אָ נ י ע

איך וועל שוין עפּעס געפינען.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איר ווייסט, טאָניע, מיר קענען אפשר באַזאַמען עפּעס אַרבעטן.

ט אָ נ י ע

מיר באַזאַמען?

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(אין לייכטער פאַרלעגנהייט)

עפּעס אויסנייען, נישט אמת? אָדער... מען מוז זיך דאָך יעדנפאַלס באַמיען, כאָטש אויף אַ קורצער צייט, צוצעשטרייען די טרויעריקע געדאַנקען

טאָניע

און אויב עס איז נישטאָ גאָרנישט עפּעס אַנדערש...

פראַנציסקע

וואָס הייסט?

טאָניע

עס איז נישטאָ גאָרנישט — אַ חיך געדאַנקען. אויב אַ מענטש איז טאַקע גאָר בלויז דאָס אַליין געבליבן?

פראַנציסקע

זאָגט דאָס נישט, טאָניע. איר זענט נישט אַליין.

טאָניע

נישט אַליין? — וואָס באַדייט איך אַצינד פאַר אייך?

גוסטאַוו

(קומט אַריין)

גוט מאָרגן, פריילין פראַנציסקע! גוט מאָרגן, טאָניע! (דערלאַנגט זיי ביידע די הענט) איז, הייסט עס, באַשלאָסן — מאָרגן אינדערפרי?

פראַנציסקע

יאָ, איר וועט קומען צו פאָרן צו אונדז?

גוסטאַוו

איך וועל נישט האָבן קיין צייט, פריילין פראַנציסקע. היינט בין איך געקומען זיך געזעגענען מיט אייך אויף אַ לענגערע צייט. — און מיט דיר אויך, טאָניע.

פראַנציסקע

איר וועט זיך קענען, ווי עס איז, זונטיק באַפרייען.

גוסטאַוו

(שאָקלט מיטן קאָפּ)

איך רעכן, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, אויב איך וועל איינמאָל פאַר

אלע מאָל פון אייך אַלע פאַרשווינדן. איך קען אַרויסרופן בלאַ אייך נאָר טרויעריקע ערינערונגען.

טאָניע

(רויִק)

נאָר מיר וועט שטענדיק זיין אַ טרייסט דיין קומען, גוסטאַוו.

פראַנציסקע

(נאָך אַ קורץ, פאַרלעגן שטילשווייגן)

נאָר אונדז אַלע. מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז איר זענט געווען זיין בעסטער פריינט. אַצינד מוז איך מיך מיט אייך געזעגענען, גוסטאַוו. איך דאַרף גיין קויפן עפּעס. מיינע עלטערן זיינען אין גאַסט-צימער. איר וועט אַריינגיין צו זיי?

גוסטאַוו

גאַנץ זיכער! -- נו, איז צום ווידערזען, פרײלין פראַנציע! איך וועט נישט אויסקומען פריִער, איז ביז הערבסט.

פראַנציסקע

מיר וועט זייער לייד טון. נו, צום ווידערזען. צום ווידערזען, טאָניע!

(אָפּ)

טאָניע

אין אמתן ביז הערבסט?

גוסטאַוו

ווער ווייסט, צי איך וועל קענען פריִער, טאָניע.

טאָניע

דאָס איז זייער לאַנג.

גוסטאַוו

שוין געוואָרנישט אַזוי לאַנג.

טאָניע

אפשר וועסטו כאָטש איינמאָל אין פאַרלויף פון זומער קומען?

גוסטאַוו

איך וואָלט דאָס נישט געוואָלט.

טאָניע

פאַרוואָס?

גוסטאַוו

דו ווייסט דאָך, וואָס מענטשן זיינען? עטלעכע דאָ אין הויז האָט שוין אָנגעהויבן אויסזען מאָדנע דאָס, וואָס איך בין, אין דער צייט פון קינדס קראַנקהייט, דאָ יעדן טאָג געווען בא אייך, אמת? דו אַליין האָסט דאָס אויסגעצייכנט באַמערקט. עס וועט בעסער זיין, אויב איך וועל נישט קומען אין דער נאָענטער צייט. און ווי אַזוי אַלץ וועט זיך איינאָרדנען נאָך זומער, וועגן דעם וועלן מיר קענען רעדן, ווען איר אַלע וועט צוריקקומען פון דער זומער-וואוינונג.

טאָניע

וואָס קען זיך ענדערן?

גוסטאַוו

דאָס דאַרף מען גוט באַטראַכטן.

טאָניע

ווי מיינסטו — אוועקגיין? — אָבער וווהין?... וווהין?

גוסטאַוו

דו קענסט דאָך נישט אויף שטענדיק דאָ פאַרבלייבן — און דו ווילסט דאָך נישט...

טאָניע

ביסט גערעכט, גוסטאַוו. זיי וועלן מיך אַוועקלאָזן, כאָטש היינט, אויב איך וועל וועלן, איך פאַרזיכער דיך, גוסטאַוו, זיי זיינען גרייט געווען מיך אַוועקצולאָזן דעם זעלבן טאָג, ווי נאָר מיר האָבן זיך צוריקגעקערט פון בית-עולם.

ג ו ס ט אַ וו

ביין, עס איז נישט אַזוי!

ט אָ נ י ע

יאָ... עס איז אַזוי!

ג ו ס ט אַ וו

דו פֿאַרגעסט פֿראַנצין.

ט אָ נ י ע

אויך זי איז שוין נישט די זעלבע, וואָס זי איז געווען. אין דעם קליינעם קבר איז באַגראָבן געוואָרן זייער אַ סך. אין צוויי דריי וואָכן אַרום, וועט שוין קיינער נישט טראַכטן וועגן מיר.

ג ו ס ט אַ וו

מסתמא וועלן זיי זאָרגן פֿאַר דיר.

ט אָ נ י ע

פֿאַר דעם האָב איך נישט קיין מורא, אַרבעט וועל איך מיר געפֿינען.

ג ו ס ט אַ וו

איך מיין אַזוי.

ט אָ נ י ע

נאָר איך האָב מורא פֿאַר דער איינזאַמקייט! — און ווען איך וועל אַוועקגיין פֿון דאַנען, — וועל איך זיין אינגאַנצן איינזאַם.

ג ו ס ט אַ וו

פֿאַרצווייפֿל נישט, טאָניע. דאָס לעבן גייט זיך דאָך ווייטער, נישט אמת, טאָניע? ווער ווייסט, וואָס עס קען נאָך ברענגען?

ט אָ נ י ע

וואָס קען עס מיר ברענגען?

ג ו ס ט אַ וו

איך רעד וועגן דער צייט, וועלכע איז נאָך זייער ווייט, וועלכע דו קענסט דיר נאָך היינט אַפֿילו גאָרנישט פֿאָרשטעלן. נאָר די צייט

וועט קומען — אַנדערש קען גאָרנישט זיין. ווען דו וועסט לעבן אין אַנדערע באַדינגונגען, וועסטו דערקענען אויך אַנדערע מענטשן. דאָס לעבן וועט קריגן פאַר דיר גאָר אַ נייעם זין. — וואָס קענען מיר היינט וויסן וועגן דעם?

טאָניע

ניין, ניין.

גוסטאַוו

אפילו אין אונדזער גרעסטן אומגליק דאַרף טליען אַ האָפענונג, אַז עס איז נישט אויף אייביק — אַנדערש וואָלטן מיר עס נישט געקענט אַריבערטראָגן. — דו ביסט נאָך יונג — און דו וועסט אַמאָל ווידער דערפילן, אַז דו ביסט יונג. — און אפשר נאָך אַמאָל אַ טראַכט טון וועגן נייעם גליק.

טאָניע

גליק — פאַר מיר? — ניין, גוסטאַוו. וואָס-זשע וועל איך אַזעלכעס דאַמאָלס! — גליק נאָך דעם אַלעם, וואָס איך האָב איבערגעלעבט! גוסטאַוו, גוסטאַוו, ווי קענסטו דאָס טראַכטן?

גוסטאַוו

נישט אַזאַ גליק, וועלכעס דו האָסט שוין געהאַט. איך טראַכט פון שטילן גליק, וועגן אָפרו, וועגן באַרויקונג, וועלכעס מען קען קיינמאָל נישט געפינען אין איינזאַמקייט.

טאָניע

איך שרעק מיך פאַר אַלץ, גוסטאַוו. איך האָב מורא צו זיין פאַרלאָזט, נאָר איך שרעק מיך אויך פאַר דעם, אַז אַמאָל קען זיין אַנדערש. דאָס בעסטע פאַר מיר איז — צו בלייבן דאָ — ווען נישט נעמט צו אַלעם אַ סוף — אַלציינס.

גוסטאַוו

באַרויִק דיך, טאָניע! — ווי דו זאָלסט נישט זיין — דאָ, אָדער

אויף דער זומער-וווינונג — פאַרגעס נישט, אַז דו האָסט אַ פריינט.

(נעמט איר האַנט) אַן אמתן פריינט!

טאָניע

(נעמט צוריק די האַנט)

ניין, גוסטאַוו, דו ביסט גערעכט, דאָס וועט קיינער נישט גלייבן.

גוסטאַוו

וואָס? — בין איך דען נישט געווען דיין פריינט שטענדיק? — איך

באַ זיין לעבן?

טאָניע

אָבער אַציינד איז ער נישטאָ. אַציגד איז אַן אנדערע זאַך.

גוסטאַוו

עס האָט זיך גאָרנישט געענדערט.

טאָניע

היינט... יאָ!... (שטייט אויף) איך דאַרף בלייבן דאָ, ווו ער ה...

געלעבט... יאָ... יאָ, דאָס איז דער איינציקער אויסגאַנג...

ווידערזען, גוסטאַוו, ביז האַרבסט.

גוסטאַוו

ווו גייסטו?

טאָניע

איך בין נאָך נישט געווען היינט אין טעמפּל. איך וויל גיין א...

בעטן, אַז זיי זאָלן מיך לאָזן בלייבן דאָ, אַז איך זאָל קענען בליי...

מיט דער שוועסטער פראַנצי. זיי געזונט, גוסטאַוו.

(גייט אַרויס, באַגעגנט זיך אין דער טיר מיט פערדינאַנדן)

פערדינאַנד

(נאָכוואַרפנדיק אַ בליק טאָניען)

גוט מאָרגן, הער בראַנדער!

גוסטאַוו

גוט מאָרגן, הער דאָקטאָר.

פֿערדינאַנד

וואָס איז מיט דער פֿריילין?

גוסטאַוו

איך ווייס נישט.

(בייטן זיך מיט די בליקן. אַדאָלף און בעטי קומען אַריין פֿון לינקס. זיי זיינען אָנגעטאָן צום אַוועקגיין. באַגריסן זיך)

בעטי

זייער אָנגענעם אייך צו זען.

גוסטאַוו

איך האָב מיך גאָר-וואָס געזעגנט מיט טאָניען. (נאָך אַ קליינער פּאַוזע, ווי מיט אַ הייליקער באַגייסטערונג) זייט גוט צו איר! זי האָט זייער אַ סך געליטן!

אַדאָלף

מיין ליבער יונגער פֿריינט, מיר האָבן אויך אַ סך געליטן — יאָ — און אין אונדזער עלטער האָט דאָס אַ סך אַ גרעסערע באַדייטונג! וואָס ווייסט איר, יונגע מענטשן, אין אַלגעמיין וועגן ליידן? דאָס לעבן ליגט נאָך פֿאַר אייך פֿאָרויס. מיר האָבן געדאַנקט גאָט פֿאַר דעם, וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט כאָטש אַזאַ זיסע טרייסט! דאָס קינד האָט געדאַרפֿט ווערן דאָס, וואָס עס איז נישט באַשערט געווען צו זיין אונדזער אָרימען הוגאָ — נו, וויין נישט, מיין אָרימע בעטי — עס איז נישט באַשערט געווען דאָס זאָל פֿאַרווירקלעכט ווערן, דער טרוים איז געענדיקט!

(פּאַוזע)

בעטי

(אויסווישנדיק די טרערן)

איר וועט קומען צו אונדז אויף דער זומער-וווינונג, גוסטאַוו?

גוסטאַוו

איך האָף, אַז איך וועל קענען אַמאָל! יעדנפאַלס, ווינטש איך אײַך אַ גליקלעכע רייזע — און צו זען זיך אין בעסערע אומשטענדן.

(געזעגנט זיך און גייט אַוועק)

בעטי

פראַנצי איז אוועקגעגאַנגען אין גאַס אַרײַן עפּעס אײַנקויפן, זי דאַרף אינגיכן צוריקקומען, איר וועט אויף איר צוואַרטן, פערדינאַנד?

פערדינאַנד

אוודאי.

אַדאָלף

מיר ווילן נאָר צוגיין צו די ביבערס, זיי האָבן צוגעשיקט אויף דעם קינדס לוויה אַ קראַנץ. איך האַלט דאָס פאַר זייער ליבלעך.

פערדינאַנד

מיט מאַניען האָט איר שוין גערעדט?

אַדאָלף

נאָך נישט.

פערדינאַנד

אַזוי, נאָר איך מוז אײַך דערמאַנען, אַז הײַנט איז דער לעצטער טאָג, ווען אַלץ דאַרף זיך אַנטשיידן.

בעטי

לאָמיר דאָס אָפּלייגן ביז האַרבסט.

פערדינאַנד

יעדע אָפּלייגונג מאַכט דעם באַשלוס אַלץ שווערער. ווען די נאָר

מיט-זיין אויף דער זומער-וווינונג, וועט זי שוין בלייבן בא אייך, ווי לאַנג עס וועט זיך איר נאָר וועלן.

בעטי

איך האָב היינט ווידער אַ גאַנצע נאַכט געטראַכט וועגן דעם. מיר קענען זי נישט אוועקשיקן, פערדינאַנד. מיר האָבן אַ צו גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

פערדינאַנד

איך האָב דאָך שוין געזאָגט! עס איז דאָ אַ גאַנץ געווייניטלעכע מיטל זיך צו באַפרייען פון איר — געלט!...

אַדאָלף

דאָס דאַרף מען יעדנפאַלס טון. זעלבסטפאַרשטענדלעך.

פערדינאַנד

איבעריקנס, זי וועט לאַנג נישט בלייבן אין אַזאַ לאַגע. איר קענט דאָס אייך גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי ווייניק איך שרעק מיך וועגן איר!

בעטי

גאָר איך, איך שרעק מיך וועג איר.

אַדאָלף

באַרויק דיך, ליבע בעטי, מיר וועלן איר באַשטימען אַ רענטע אויף אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זי וועט איר נייטיק זיין.

בעטי

ניין — ניין: נישט דאָס האָט בא אונדז געפאָדערט הוגאָ.

פערדינאַנד

מאַדאַם, אַלץ, וואָס הוגאָ האָט געוואָלט, האָבן מיר, צום באַדויערן, געבראַכט באַגראָבן צוזאַמען מיטן קינד. דאָס איז גאַנץ קלאָר, ווייל דאָס די פערזאָן דאָ צו טון אַצינד! אַצינד איז זי פונקט, ווי יעדע אַנדערע, וועלכע איר וואָלט זיכער נישט אַריינגענומען צו זיך אין הויז אריין

אדאָלף

דאָס איז ווי אָנגעצייכנט פון גאָט.

בעטי

זאָג דאָס נישט, אַדאָלף.

אדאָלף

ווי דו ווילסט, ליבע בעטי. נאָר אויב מיר וועלן באַטראַכטן די זאַך גרינט־לעכער, גייט עס נאָר אין דעם, וואָס זי וועט ווינען ערגעץ אַנדערש.

פערדינאַנד

פאָלקאָם ריכטיק. איך פאַרשטיי אַפילו נישט, ווי אַזוי איר שטעלט אייך פאָר טאָניעס ווייטערדיקע פאַרבלייבן בײַ אייך. מיר ווייסן אַלע גאַנץ גוט, אַז דער טרויער פון יונגע אַלמנות — אויב איך קען אין דעם פאַל באַנוצן דאָס וואָרט — דויערט נישט אייביק, און אונדז אַלע — און באַזונדערס אייך, דער מוטער — וואָלט געווען אומ־געהייער שווער, אויב, אַזוי צו זאָגן, אין אייערע אויג־

בעטי

(גאַנץ הייס)

ניין, ניין! טאָניע איז נישט אַזעלכע.

אַדאָלף

(מיט איבערלייגונג)

בעטי! ווי קלערסטו? זי וועט אייביק וויינען אויף אים? דאָס קען מען דאָך אַפילו נישט פאָדערן.

בעטי

אַדאָלף!

אדאָלף

טײַערינקע — מען מוז זאַכן פאַרשטיין אַזוי, ווי זיי זיינען.

פערדינאַנד

איך פאַרזיכער אייך, מאַדאַם, אַז אייך וועט זיין אַ סך אָנגענעמער

אויב טאָניע וועט אויפנעמען אירע באַזוכער נישט בײַ אייך אין הויז, נאָר בײַ זיך; דאָס וואָלט אײך געוועזן, שוין היינט קען זיין אָנגענעמער.

בעטי

וועגן וועמען רעדט איר דאָס, דאָקטאָר?... וועגן גוסטאַוון?... ער איז געווען הונגאָס פריינט.

פערדינאַנד

איר פאַרשטייט שלעכט מיינע ווערטער. גוסטאַוו איז געווען הונגאָס בעסטער פריינט, עס איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס ער האָט זיך אָפּט באַגעגנט מיט איר. מען דאַרף נישט באַלד טראַכטן דאָס ערגסטע. דערצו זיינען אַזעלכע פרויען נאָך זייער פּראַקטיש: צופיל שטעלט מען צוליב זיי אויף דער קאָרט. אצינד אָבער איז הונגאָ געשטאָרבן, און זי איז יונג און שיין.

בעטי

(אַ סך שוואַכער)

ניין, זי וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן מיין זון.

אַדאָלף

די האָסט אידעאַלע מיינונגען, מיין טייערע. באַהאַלט זיי פאַר דיר, נאָר מען טאָר נישט אָפּלייקענען באַוווּסטע געזעצן פון דער נאַטור. די גאַנצע פראַגע פירט אונדז נאָר צו געלט, און איך וועל זי נאָך היינט רעגולירן, יאָ, נאָך היינט. ווי מיר וועלן נאָר צוריקקומען וועלן מיר רעדן מיט איר.

בעטי

ניין, איך קען איר נישט זאָגן, אַז זי זאָל אַוועקגיין —

אַדאָלף

דאָס דאַרף איך אויך נישט טון. איך וועל איר דאָס נישט זאָגן. איך וועל איר נאָר ערקלערן די גאַנצע לאַגע.

ב ע ט י

וואָס? וואָס ווילסטו איר זאָגן?

אַדאָלף

איך וועל איר זאָגן, אַז אונדזער זומער-וווינונג איז צו קליין.

פערדינאַנד

אזוי ווי איך האָב געוויסע רעכט זיך צו פאַרעכענען אַלס מיטגליד פון אייער פאמיליע, דערלויבט-זשע מיר אויך צו טראָגן פליכטן. איך וועל נעמען אויף מיר איבערצורעדן מיט איר.

ב ע ט י

איר וועט זיין צו שטרענג, דאָקטאָר, איר האָט זי קיינמאָל נישט ליב געהאַט.

פערדינאַנד

איך וועל זיין ווייך.

ב ע ט י

לאָז זי נישט באַלד אַוועקגיין, איך וויל מיט איר רעדן, איידער זי וועט אַוועקגיין. איך וויל איר זאָגן, אַז זי פאַרלירט אונדז נישט, אַז זי וועט שטענדיק האָבן אין אונדז פריינט.

אַדאָלף

גאַנץ זיכער. זי קען, אַן איבעריקע רייד, נאָך דאָ איבערנעכטיקן היינט, און אויך די קומענדיקע וואָך. אין אַלגעמיין, אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זי וועט זיך נישט געפינען ערגעץ אַן אנדערע וווינונג — מיר וועלן דאָך אַלציינס נישט זיין דאָ.

ע מ ע

(קומט אַריין)

גרוס אַוונט. איך האָב אפשר געשטערט? (פּאַוזע, באַלד פאַרשטייענדיק) ווו איז טאָניע?

פערדינאַנד

היינט, מאַדאַם, וועט איר זי נאָך טרעפן דאָ, נאָר דאָס איז דאָס לעצטע מאָל.

עמע

ווי אַזוי דאַרף מען דאָס פאַרשטיין?

אַדאָלף

דאָס דאַרף מען פאַרשטיין אַזוי, אַז מיר האַלטן פאַר איבעריק טאָ־ניעס ווייטערדיקע פאַרבלייבן אין אונדזער הויז, נאָך אַ קלאָרן באַטראַכטן די נייע לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן צוליב דעם טויט פון אָרימען קינד.

עמע

(צו בעטין)

און די באַשטייסט אויף דעם?

בעטי

מיר ווילן זי נישט פאַרלאָזן, עמע.

עמע

דאָס הייסט איר וועט איר געבן געלט? נישט אין דעם האַנדלט זיך עס. מיט קיין געלט וועט זי נישט העלפן דעם דאָזיקן אָרימען מענטש. זי דאַרף אַ געטרייע היים.

פערדינאַנד

זי וועט זי זיך שנעל געפינען, מאַדאַם.

עמע

יאָ — זי האָט זי זיך שוין געפונען. איך וועל זי נעמען צו מיר אַהיים.

בעטי

עמע!

פערדינאַנד

איך בעט אַנטשולדיקונג. קיין האַלב־מיטלען ווע̈לן דאָ נישט העלפֿן. מאָגיש דאַרף פֿאַרשווינדן נישט נאָר פֿון דעם דאָזיקן הויז. זי מוז פֿאַרשווינדן פֿון אונדזער האָריזאָנט. מיר ווילן זיך נישט מער באַגעגענען מיט איר.

אַדאָלף

אַזוי זעט אויס די לאַגע, עמע. דאָס איז גאַנץ אוממעגלעך, אַז דו זאָלסט אַריינגעמען צו דיר אַ פּערזאָן, וועלכע מיר ווילן מער נישט האַלטן בײַ זיך. דו וועסט דיך שטעלן מיט דעם אין אַן אָפּענעם קריג מיט אונדז.

עמע

גאַנץ אמת

אַדאָלף

און וועסט מאַכן פֿאַר אונדז אוממעגלעך צו קומען צו דיר, ווי פֿריִער

עמע

גוט, וועט איר נישט קומען צו מיר.

אַדאָלף

אַך, אַזוי... אָך, אַזוי — (גייט הין־און־צוריק) דײַן סימפּאַטיע צו דער דאַמע דערגייט שוין צו ווייט.

עמע

איך נעם נאָר אויף מיר אייער צוזאָג הײַנט — און דאָס איז אַלץ.

אַדאָלף

אַזוי. איך וועל רעדן וועגן דעם, אַז עס האָט זיך געהאַנדלט אין גאַנצן גאָר וועגן אַן אַנדערן צוזאָג. נאָר מיר ווילט זיך נאָר פֿרעגן: מיט וואָס פֿאַר אַ רעכט נעמסטו אויף זיך אויסצופֿירן דעם לעצטן ווילן פֿון אונדזער הויזאָ?

עמע

איך בין געווען זיין בעסטער פריינט. איר ווייסט דאָס גאַנץ גוט.

אַדאָלף

יאָ, איך ווייס דאָס ווירקלעך, ווירקלעך... איך ווייס דאָס! און טאַקע דעריבער זעט מיר אויס זייער אומגלייבלעך, אַז עס איז... יעדנ־פאַלס, אַזוי טוט מען ניט.

בעטי

(ווילֿ אים אָפּהאַלטן)

אַדאָלף!

עמע

לאָז אים צורו, בעטי! איך ווייס. וואָס ער מיינט. לאָמיר אָנרופן זאַכן כאָטש איינמאָל מיט זייער אמתן נאָמען. די מיינסט, אַז איך בין געווען אייער זונס אַ געליבטע.

בעטי

עמע!

אַדאָלף

איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געזאָגט, און וואָס איך טראַכט, דאָס איז מיין זאַך. איך בעט אומבאַדינגט מיר נישט אָנצווהענגען דאָס, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געזאָגט.

בעטי

עמע, ווי אַזוי איז עס דיר איינגעפאַלן! מיר האָבן דאָס קיינמאָל נישט געטראַכט! מיר ווייסן, אַז די ביסט געווען זיינס אַ פריינט. איך מוז מיך דיר מודה זיין, אַז מיר האָט אַ סך מאָל ווי געטון, וואָס ער האָט צו דיר מער צוטרוי געהאַט, ווי צו מיר — נאָר קיינמאָל האָב איך קיין שום ענלעכעס נישט געטראַכט — איך שווער דאָס דיר, עמע — וואָלט איך דען געקענט, אין אַזאַ פאַל, מיט דיר אַזוי רעדן — ווי אין די אַלע יאָרן? — און אַדאָלף טראַכט דאָס נישט!

עמע

דו קענסט אים נישט, בעטי. ער קען גאָרנישט פאַרשטיין עפּעס אַנדערש, נאָר וואָס האָט אים, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל נישט געשטערט צו פאַרברענגען בײַ מיר.

אַדאָלף

ווי עס ווײַזט אויס, ווילסטו מיר מאַכן אַ פאָרוואורף מיט דעם.

עמע

אָנשטאָט צו באַוואונדערן דיין גרויסקייט – האַ? נאָר דו האָסט דאָך געוווּסט, אַז איך וואָלט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן געוועז אָוועקגעגעבן אים מיין אַגנעסען פאַר אַ פרוי, און ביסט געווען מיט דעם אינגאַנצן איינשטימיק – ווייל דאָס איז דיר געווען באַקוועם – אַך, דו בכבודיקער מענטש! – און דאָס דאָזיקע אָרימע באַשעפעניש, וועלכעס איז דאָך אַ מלאך, איז פאַרגלייך מיט מיר, אויב עס איז אמת דאָס, וואָס איר האָט וועגן מיר געטראַכט, – זי טרייבט איר אַרויס, ווייל זי איז אייך אומבאַקוועם!...

אַדאָלף

איך וויל זיך נישט אַזוי פיל דערנידעריקן, איך זאָל דיר ענטפערן. נעם דיר דעם דאָזיקן מלאך צו דיר אהיים. איך האָב גאָרנישט קעגן דעם, אויב דו וועסט זי דיר אַפילו שוין צונעמען. איר, ליבער דאָקטאָר, גיט איר איבער דאָס, וואָס מיר האָבן איר צו זאָגן – איך האָב נישט מער מיט איר וואָס צו רעדן וועגן דער דאָזיקער זאַך. קום, בעטי, מיר וועלן מאַכן אונדזער באַזוך.

בעטי

עמע, איך פאַרזיכער דיך.

עמע

איך וועל דאָ צוואַרטן אויף טאָניען, וועל זי מיטנעמען מיט זיך,

און קיינמאָל מער ניט איבערטרעטן די שוועל פון אייער הויז.

בעטי

טאַטע!

אַדאָלף

גיב, בעטי, אָדער די האָסט אפשר חרטה זי אײַנגעבעטן.

אַגנעסע

(קומט אַריין)

גוטן אָוונט!

אַדאָלף

דיך, טייערע, וועלן מיר שטענדיק מיט פרייד אויפנעמען. צום ווי-
דערזען — קום, בעטי!

(אַדאָלף און בעטי אָפּ)

אַגנעסע

וואָס באַדייט דאָס?

עמע

קינד מײַנס, טאָניע גייט אוועק פון דעם יאָזיקן הויז און וועט ווי-
נען בײַ אונדז.

אַגנעסע

(ציטערט אויף)

יאָ?

פערדינאַנד

(ענטפערנדיק אויף אַגנעסעס פרעגנדיקן בליק)

אַזוי וויל אייער מאַמעשי.

אַגנעסע

פאַרוואָס האָט דער פעטער אַדאָלף געזאָגט, אַז מיך וועלן זיי שטענ-
דיק מיט פרייד אויפנעמען?

פערדינאַנד

פאַר דעם וועל מיר אַלע וועלן מער ניט אַהינקומען צו אייער מאַמעשי.

אַגנעסע

(אַרומקוקנדיק זיך מיט שרעק)

עמע

ווי דו ווייסט, אַגנעסע, פאָדערט זיך פון דיר אויך אַ געוויסע מאָס אָפּסטרהויליקייט. — נישט שטענדיק איז לייכט צו האַנדלען ערלעך.

אַגנעסע

דו ביסט אַזאַ גוטע, — נאָר וואָס וועט זי בײַ אונדז טון?

עמע

זי וועט האָבן בײַ אונדז אַן אייגענע היים.

אַגנעסע

אויף לאַנג?

עמע

מעגלעך, אַז אויף שטענדיק. דו וועסט דאָך זיין נישט לאַנג פאַרבלייבן מיט מיר.

אַגנעסע

ניין, מאַמע, איך וועל שטענדיק זיין מיט דיר. צי מיינסטו, אַז איך וועל התונה האָבן?

עמע

וואָס רעדסטו, קינד!

אַגנעסע

ניין, איך וועל שטענדיק זיין מיט דיר! מיר זיינען אַזוי לאַנג געווען אַליין, נישט אמת, מאַמע, און דאָס איז געווען אַזוי גוט, איך אַפילו וועט בײַ אונדז ווערן אַ פרעמדע!

עמע

רופסט זי אצינד אַ פרעמדע, און גאָרנישט לאַנג האָסטו זי דאָך געהאַלטן פאַר דיין פריינדין.

אַנגנעסע

דאָס איז שוין אַריבער.

עמע

פאַרוואָס?

אַנגנעסע

ווייסט, מאַמע, כּל-זמן איך האָב זי געזען מיטן קינד האָט זי מיר אויסגעזען גאָר אַנדערש, ווי אַצינד — איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס דאָס איז אזוי געווען! נאָר אַצינד האָט זיך אַלץ אויסגעלאָזט... איך האָב נישט אַצינד קיין האַרץ צו איר. מאַמע, זי איז שוין נישט די זעלבע, וואָס זי איז געווען...

עמע

נו, וואָס האָט זיך דען געענדערט? איך פאַרשטיי דיך נישט, טייערע.

אַנגנעסע

אַצינד טראַכט איך וועגן אַ סך, אויף וועלכן איך האָב פריער קיין אַכט נישט געלייגט. וועגן אַלץ, וואָס זי האָט געטון...

עמע

אַנגנעסע, אַנגנעסע, צי קענסטו דען וויסן, וואָס עס וואָלט געווען מיט דיר, ווען דו וואָלסט נישט געהאַט מיך?

אַנגנעסע

איך בין דיר זייער דאַנקבאַר, מאַמע, און איך שטאָלציר נישט מיט זיך; — איך האָב זי נישט פיינט, — נאָר איך קען נישט, מאַמע, איך קען נישט וווינען מיט איר צוזאַמען — אונטער איין דאַך — נאָר דיר... דו, איך — און זי — ניין. -

פערדינאַנד

עס זיינען דאָ גרענעצן, מאַדאַם.

עמע

(נאָך אַ פּאַוזע)

שוין, קינד.

אַגנעסע

איך בעט דיך, מאַמע, זיי נישט בייז. איך וועל מיך גערן זען מיט איר פון צייט-צו-צייט.

עמע

דאָס פאָדער איך נישט פון דיר.

אַגנעסע

מיר וועלן טון פאַר איר אַלץ, וואָס מעגלעך, נאָר, טייערע מאַמעשי, נעם זי נישט צו אונדז! נעם זי נישט צו אונדז!

עמע

איך בין נישט בייז אויף דיר. איך קען זי נישט נעמען צו זיך קעגן דיין ווילן. — (פּאַוזע) זאָג, דו ווילסט נישט?

אַגנעסע

(נעמט די מוטערס האַנט און קושט זי)

איך קען נישט. איך האָב מורא פאַר איר.

עמע

(האַרט)

שוין, אַגנעסע!

אַגנעסע

מאַמע — איך וועל דיך אַזוי ליב האָבן — ווי...

עמע

שוין — גוט.

ט אָ נ י ע

(קומט אַריין, באַגעגנט עמען מיט אַגנעסען. גייט צו צו עמען, קושט איר די האַנט)

ע מ ע

(צוערשט וויל זי רעדן, דערנאָך פאַלט איר בליק אויף אַגנעסען, וועלכע קוקט אויף איר מיט שרעק)

קומט צו אונדז וואָס שנעלער. טאָניע! אַדיע!

אַ ג נ ע ס ע

צום ווידערזען, טאָניע!

ט אָ נ י ע

מאַדאַם — (מיט שרעק) אַגנעסע (עמע און אַגנעסע גייען אַוועק) פאַרוואָס זיינען זיי אַזוי אויפגעקאָכט?

(וויל זיי נאָכגיין)

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

איך וועל אייך בעטן דאָ צו פאַרבלייבן, איך דאַרף מיט אייך ערנסט רעדן, אַלס באַפולמעכטיקטער פון דער גאַנצער פאַמיליע.

ט אָ נ י ע

איר דאַרפט מיט מיר עפּעס רעדן!

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

יאָ.

ט אָ נ י ע

מען טרייבט מיך אַרויס?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

איר אַליין דאַרפט איינשטימען, אַז פאַר אייער ווייטערדיק פאַרבלייבן דאָ אין דער פאַמיליע זיינען נישטאָ קיין געזעצליכע יסודות.

ט אָ נ י ע

יאָ, נאָר וואָס האָב איך דען געטון?

פערדינאַנד

מיר האָבן נישט בדעה אייך צו מאַכן קיין באַוואָרפן, מיר צעשיידן זיך מיט אייך אין די בעסטע באַציִונגען, און איר דאַרפט זיין זיכער, אַז מען וועט אייך נישט צופּאָגן אין אַ געניגנדער שטיצע.

טאָניע

יאָ, און ווען... דאַרף איך אַוועקגיין?

פערדינאַנד

דאָס איז אינגאַנצן איבערגעלאָזט געוואָרן אויף אייער אייגן [illegible].

טאָניע

הייסט עס, מען וועט מיך אויך מיטנעמען אויף דער זומער־וווינונג?

פערדינאַנד

(גיט אַ לייכטן שמייכל)

ניין, דאָס האָבן מיר נישט אין אַכט גענומען, מיט דער שטאָטישער וווינונג קענט איר אייך באַנוצן.

טאָניע

איך דאַרף בלייבן דאָ, אָבער דאָ וועל איך דאָך זיין אינגאַנצן אַליין... דאָס טויג נישט.

פערדינאַנד

איר דאַרפט זיך צוגעוויינען צו דעם. (נישט זייער שטרענג) איך האָף, אַז איר האָט נישט גערעכנט, אַז מען וועט אייך דאָ אייביק האַלטן.

טאָניע

ניין — אודאי נישט — אָבער כאָטש אַ ביסל האָבן זיי דאָך מיך געקענט דאָ איבערלאָזן — איר דאַרפט דאָך דאָס פאַרשטיין, אויף מיר איז אויסגעגאָסן געוואָרן מער, וויפל עס איז מעגלעך אַריבער־צוטראָגן מיט עטלעכע וואָכן צוריק בין איך געווען די גליקלעכסטע פרוי אויף דער ערד... הוגאָ האָט געלעבט... און אַ קינד האָב איך

געהאַט — און אַצינד האָב איך גאָרנישט — אינגאַנצן גאָרנישט! נאָר איך קען דאָך ווייניקסטנס זיין בײַ זיין מוטער, בײַ זיין שוועסטער... די מענטשן זאָגן אים דאָך ליב געהאַט, מיט „דער" ליבע האָט ער דאָך געאָטעמט — און איך דאַרף פאַרלאָזן, פאַרלאָזן דאָס אַלץ... אָבער, פאַרוואָס?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

דאָ איז פאַר אייך קיין אָרט נישטאָ... פאַרשטייט דאָס ענדלעך.

ט אָ נ י ע

אָבער — פאַרוואָס? האָב איך אים דען ווייניקער ליב געהאַט, ווי עס וואָלט אים ליב געהאַט אַ צווייטע? האָב איך אים דען געגעבן ווייניקער גליק, ווי אַ צווייטע וואָלט אים געגעבן?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

אָבער דאָס גיט דאָך אייך נישט קיין שום רעכט זיך צו באַזעצן אין דעם הויז, — „געבן גליק" קענען אַ סך.

ט אָ נ י ע

איר מיינט דאָס אין אמתן? איר וואָלט געדאַרפט זיך די קני דאַנקען דעם אייבערשטן, אויב פראַנצי וואָלט אייך ליב געהאַט? כאָטש טויזנט מאָל הייניקער, ווי איך האָב אים ליב געהאַט!

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

ברענגט נישט אויף די ליפּן דעם נאָמען פון מיין כלה; איך פאַרווער דאָס אייך.

ט אָ נ י ע

פאַרוואָס? בין איך דען ערגער פאַר איר?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

און איר פרעגט נאָך? אַ פרוי, וועלכע האָט זיך פשוט געוואָרפן אויפן האַלדז דעם ערשטן, בעסטן — יונגן און שיינעם, — און גענומען איר גליק, דאָרט, ווו זי האָט עס געפונען.

טאָניע

איז דאָס אַ פֿאַרברעך? האָב איך דען נישט געהאַט קיין רעכט זיך אַרויסצורייסן פֿון מיין ביטערע לאַגע? ווייסט איר דען, ווי עס האָט אויסגעזען מיין לעבן, איידער איך האָב מיך באַקאַנט מיט זיגאַן?

פֿערדינאַנד

איך ווייס אויך, וואָס עס איז אַזוינס שלעכט לעבן — און נאָך בעסער פֿאַר אייך! נאָר אונזערן אַ מענטש איז נישט אַזוי לייכט זיך אַרויסצורייסן פֿון דעם, ווי אַ שייגעצקע, יונגן ווייזן, פֿאַר וועלכן עס האָט נישט קיין באַדייטונג דאָס, וואָס אַנשטענדיקע מענטשן רופֿן צו פֿליכט און אָנשטענדיקייט. דאָ זיינען אָנגעווענדט געוואָרן אַלע האַרציקסטע באַמיִונגען צו פֿאַרגעסן דאָס אַלץ. דער גוטער פֿון דעם אומשולדיקן קינד האָט מען נאָך געקענט מוחל זיין — מיר באַווייזן עס צוזאַמען מיט אייך — נאָר צוזאַמען מיט דעם קינד האָבן מיר באַגראָבן אַ גרויסע פֿאַרפֿירונג.

(בעטי, אַדאָלף קומען אַריין)

טאָניע

(וויל צוגיין צו זיי, נאָר בלייבט, נישט וויסנדיק וואָס צו טון, ווען זי זעט זייער פֿאַרלעגנהייט)

פֿערדינאַנד

(וואַרפֿט אַ שנעלן בליק אויף אַלע)

איך האָב דערפֿילט אייער ווילן: דאָס פֿריילין ווייסט שוין אַלץ.

טאָניע

(וויל רעדן, קען נישט)

אַדאָלף

יאָ, טאָניע, דער גורל וויל, ווייזט אויס, אַז די צוקונפֿט זאָל בלייבן אַ פֿרייע פֿאַר אייך — און מיר ווילן דאָס נישט שטערן. אויסער די זאַכן, וועט איר שנעלער אַלץ פֿאַרגעסן, ווי דאָ.

**בעטי**

און איר וועט שטענדיק האָבן אין אונדז די בעסטע פריינט.

**אַדאָלף**

יאָ, דער דאָקטאָר האָט אייך מסתמא מיטגעטיילט, אַז וועגן אײַערע מאַטעריעלע באַדערפענישן, וועלן מיר אין אַ גענוגנדיקער מאָס

**טאָניע**

(וויל רעדן)

**אַדאָלף**

דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. וואָס איר זאָלט נישט אונטערנעמען, זײַט איר דאָך די ערשטע צײַט איבערגעלאָזט נאָר אויף זיך אַליין און איר דאַרפט אונדז פון די געזעליקייט אין צווישנצײַט צו אונדז אַ שטיצע, וויניקסטנס, אויף דער צײַט.

**טאָניע**

(וויל רעדן, נאָר קען זיך נאָך אַלץ נישט באַהערשן)

**בעטי**

איך ווייס, טאַניע, איר וועט בלײַבן אַן אַ זיטלעכע פרוי.

**אַדאָלף**

ווער צווייפלט אין דעם?

**בעטי**

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איר וועט פאַרבלײַבן דאָ, ווי לאַנג איר וועט וועלן.

**טאָניע**

אַ גרויסן דאַנק... נאָר איך האָב בדעה שוין הײַנט אַוועקצופאָרן.

**אַדאָלף**

אָך, איר האָט אייך אוודאי אָפּגעשמועסט מיט מײַן שוועגערין.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

פרוי היגטערס פלאַן וועט נישט צו שטאַנד קומען. פריילין אַגנעסע האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם.

ב ע ט י

אויב אַזוי, פאַרוואָס־זשע ווילט איר שוין היינט אַוועקפאָרן?

אַ ר אָ ל ף

דאָס איז דאָך נישט אַזוי איילִיק. אויב מיר האָבן זיך אין פּרינציפּ שוין צונויפגערעדט, האָבן מיר דאָך גאָרנישט קעגן דעם, אַז איר זאָלט בלייבן דאָ נאָך עטלעכע טעג אין דער וווינונג, — נאָר מיר װעלן זיך שוין מיט אייך געזעגענען, ווייל מיר פאָרן מאָרגן אוועק

ב ע ט י

נישט שוין, טאָניע, היינט אין אָוונט.

ט אָ נ י ע

אויב דאָס איז שוין אַזוי באַשטימט, איז פאַר מיר גלייכער זיך שוין מיט אייך צו געזעגענען...

אַ ר אָ ל ף

(הייך)

ווי איר ווילט, ליבע טאָניע, איר האָט אַ סך געליטן, טאַניע — יאָ מען קען זאָגן, אז אויב איר האָט אַפילו יעזוּנדיקס, זענט איר שוין פאַר אַלץ אָפּגעקומען! — זאָל דאָס באַוווּסטזיין געבן דעם, אייך געבן כּוחות אויף אייער ווייטערדיקן וועג!.. אין מיר — ווי זאָלן מיר זיי נעמען. מיר האָבן נישט קיין שום שולד אויפן געוויסן. איך ווייס נישט...

ט אַ נ י ע

אַ דאַנק... (קושט בעסין די האַנט) פאַר אַלץ. מיר וואָלט זיך זייער געוואָלט נאָך זען מיט פראַנציסקע, נאָר...

בעטי

איר וועט זיך זען מיט איר. ווי נאַר זי וועט צוריקקומען, וועל איך זי אַריינשיקן צו אייך אין צימער.

טאָניע

איך!.. איך... (זייט געזונט —

(גייט אַריין צו זיך אין צימער)

בעטי

וויל, נאָך אַ קליינע פּאַוזע, איר נאָכגיין)

אַדאָלף

(האַלט זי אָפּ)

— ליבער דאָקטאָר, איך מוז מודה זיין, די געזעגענונג האָט מיך אַ ביסל גערירט.

בעטי

דאָס אַלץ איז אַזוי טרויעריק.

פערדינאַנד

דאָס וועט שנעל אַריבערגיין, זייט זיכער. אין עטלעכע טעג אַרום וועט איר פריי אָפּעטעמען — יאָ, איר אויך, מאַדאַם! איר וועט דערפילן, אַז די לופט אין דעם הויז, אַזוי צו זאָגן, האָט זיך אָפּגערייניקט.

פראַנציסקע

(קומט אַריין)

גוטן אָוונט!

פערדינאַנד

(גייט צו צו איר, קושט איר די הענט, וואָס עס איז פראַנציסקען, ווי עס ווייזט אויס, נישט אָנגענעם)

גוטן אָוונט, פראַנציסקע.

פראַנציסקע

איך האָב אַלץ געקויפט, מאַמע. (צו פערדינאַנדן) איר זענט אויך געקומען זיך געזעגענען מיט אונדז

פערדינאַנד

דאָס מאָל האָט עס נישט קיין באַזונדערע באַדייטונג. דאָס יאָר ווער איך אָפטער, ווי געוויינטלעך, קענען קומען צו אייך צו פאָרן.

אַראָלף

קינדער, בײַ אייך איז נאָך פאַרבליבן דער אַלטער אַרט ווענדן זיך איינער צום צווייטן. ווי־זשע איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז חתן־כּלה זאָלן זאָגן איינער דעם צווייטן „איר?"

פערדינאַנד

(מיט אומגעשיקטער צערטלעכקייט)

מיט דער צייט, וועט דאָס אַנדערש ווערן.

פראַנציסקע

יאָ, — מאַמע, אויפן וועג אַהיים איז מיר געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ אַריין — אין דער הינזיכט פון אונדזער איינאָרדנען זיך אויף דער זומער־וווינונג.

בעטי

אַ וואָסערער, טייערע!

פראַנציסקע

איך מיין — וועגן צימער פאַר טאָגיען. (אַלע קוקן זיך איבער) מיר דאַכט זיך, אַז עס וועט זיין בעסער פאַר אַלץ, אויב מיר וועלן איר אָפּגעבן דאָס צימער פאַר געסט, מיטן פענסטער אין סאָד אַריין. ווײַלעס מיר וועלן שוין נישט מער באַדאַרפן אויף דעם. (קיינער ענטפערט איר נישט. זי רעדט ווייטער) דאָס צווייטע איז צו קליין און צו טונקל. אין אַ שלעכט וועטער איז דאָרט כמעט אינגאַנצן פינסטער.

ב ע ט י

טייערע —

פראַנציסקע

וואָס מאַמע?

ב ע ט י

טאָניע — וועט נישט מיטפאָרן מיט אונדז.

פראַנציסקע

(אַ באַזונדערער אויפרעגונג)

וועט נישט מיטפאָרן מיט אונדז? — זי וויל נישט?

ב ע ט י

עס איז אָנגענומען געוואָרן אַן אַנדערער באַשלוס.

אַדאָלף

יאָ, טייערע, — און אונדזער באַשלוס וועט דיך נישט איבעריק פאַר־וואונדערן.

פערדינאַנד

מיר האָבן אפילו, אַז ער וועט אייך זיין נישט אינגאַנצן אומגעריכ־נעם, פראַנציסקע.

פראַנציסקע

נו?

פערדינאַנד

זי גייט אַוועק —

פראַנציסקע

זי גייט אַוועק? און וואָס וועט זי טון?

אַדאָלף

טייערע, מיר האָבן זי גוט באַזאָרגט.

### פראַנציסקע

זי גייט אײַנגאַנצן אַוועק? דאָס איז אוממעגלעך. האָט איר דען פאַר געשען די גאַנצע פאַרלאַנג?

### פערדינאַנד

ליבע פראַנציסקע, אויב אונדזער אָרימער הויז וואָלט אַלץ געווען געשקענקט פאַרויסזען, וואָלט ער אויך געווען אַנגענומען דעם זעלבן באַשלוס, וואָס אײַערע עלטערן.

### פראַנציסקע

ווי קענען מיר דאָס וויסן

### פערדינאַנד

מיר וויסן דאָס — איר אויך פראַנציסקע. וואָס ביינדט אײַך אַצינד צו דער ראָזיקער פערזאָן? איר באַמיט אײַך נאָר זי ליב צו האָבן — נאָר דאָס געלינגט אײַך נישט.

### פראַנציסקע

איך האָב זי ליב — איך האָב זי ליב.

### פערדינאַנד

נישט אַזוי ווי פריער — און איר אַליין פילט, אַז אַלע פאַרעם רייסן זיך ביסלעכווייז איבער, פון דער צייט אָן, זינט דאָס קינד איז געשטאָרבן. שעמט אײַך נישט מיט דעם, פראַנציסקע. עפּעס וואָס האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבן וועקן אין אײַך קענען דעם דאָזיקן באַשטעטיקן. — (נעמט איר האַנט) אײַער ריינהייט.

### אַדאָלף

איך וואָלט געזאָגט, דאָס מאָראַלישע געפיל.

### פראַנציסקע

(שוואַכער)

אַבער דאָס איז דאָך אײַנגאַנצן אוממעגלעך — אַריסצוטרייבן זי.

הוגאָ האָט זי דאָך ליב געהאַט. ער וואָלט זי דאָך אויך אַצינד...

אַדאָלף

מיין טייערע, דו קענסט נישט די וועלט. אַ יונגן מענטש קומט אויס אַריינצופאַלן אין מערקווירדיקע אומשטענדן — לאָמיר רעדן אָפן, אויב אונדזער הוגאָ וואָלט נישט געווען געשטאָרבן, וואָלט ער אַליין אויך זיכער געווען איבערגעריסן די דאָזיקע פאַרבינדונג. ער וואָלט גענומען אַ ווייב פון אונדזער קרייז — פון אַ פיינער געזעלשאַפט, צו וועלכע מיר געהערן, ווי דאָס טון סוף-כל-סוף כמעט אַלע יונגע מענטשן, וועלכער האָבן ליב זייערע עלטערן און ווילן לעבן אין דער געזעלשאַפט און מיט דער געזעלשאַפט.

פראַנציסקע

און זי? וואָס וואָלט זי געטון?

פערדינאַנד

דאָס, וואָס די באַשעפענישן טון געוויינטלעך, ווען עס ענדיקט זיך אַזאַ פאַרבינדונג.

פראַנציסקע

(פאַרשטייט נישט באַלד. ציטערט אויף)

אַדאָלף

דו ביסט אַ קלוג מיידל, פראַנציסקע, און דו וועסט זי שנעל פאַרגעסן.

פראַנציסקע

פאַרוואָס-זשע פאַרגעסן? מיר וועלן זיך דאָך נאָך זען? זי וועט דאָך קומען צו אונדז, אָדער איך צו איר?

פערדינאַנד

איר אַליין וועט דאָס ביידע לאַנג נישט וועלן.

פראַנציסקע

די צייט וועט ווייזן. זי איז שוין אוועקגעגאַנגען?

ב ע ט י

ניין.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

איך וויל מיך נאָך זען מיט איר.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

פראַנציסקע!

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(גייט אַרויס מיט דער אונטערשטער טיר, רעכטס)

אַ ד אָ ל ף

זי האָט זיך גוט געהאַלטן.

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

גלייבט מיר, זי אַליין איז צופרידן מיט דעם סוף. איך האָף, אַז זי וועט אויך די געזעגענונג —

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(קומט צוריק)

זי איז דאָרט נישטאָ — אָט איז אַ בריוועלע.

אַ ד אָ ל ף

(לייענט עס, שרעקט זיך)

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

(לייענט עס. האַרט)

ווערטער!...

ב ע ט י

גאָט מיינער!

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

דאָס האָט גאָרנישט צו באַדייטן... ווערטער...

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

(אין אַ שרעקלעכער אויפרעגונג

זוכט מיך נישט! עס איז שוין שפּעט" — וואָס באַטייט דאָס?

פּערדינאַנד

זי וויל אונדז איבערשרעקן. דער לעצטער פּרווו. באַרויִקט־זשע זיך. איך גיב מיין קאָפּ, אויב זי וועט זיך עפּעס טון.

פּראַנציסקע

ווו איז זי?

פּערדינאַנד

פאַרוואָס פרעגט איר דאָס בא מיר, פּראַנציסקע?

פּראַנציסקע

איר האָט זי אַרויסגעטריבן, דעריבער טאַקע פרעג איך באַ אייך.

בעטי

קינד!

אַדאָלף

(מיטן בריוופלע אין דער האַנט)

„שוין שפּעט" — דאָס הייסט: זי וויל נישט מען זאָל זי זוכן... אַזוי איז דאָך געזאָגט דאָרט: „זוכט מיך נישט!" — זי וויל דאָס נישט — אָנשטאָט דעם זי זאָל מאָרגן אינדערפרי, איז זי שוין היינט —

פּערדינאַנד

אַוודאַי, אַזוי איז עס.

פּראַנציסקע

„זוכט מיך נישט, עס איז שוין שפּעט". וואָס רעדט איר — עס איז דאָך אַזוי דייטלעך.

פּערדינאַנד

זי וועט זיך לאָזן כאַפּן ערגעץ־ווו — אויפן ברעג דונאַי, אויף דער בריק — דאָס איז אַ באַקאַנט מיטל — אַזעלכע פרויען טון זיך גאָרנישט — דאָס לעבן איז צו שיין פאַר זיי.

אדאָלף

אַך, מיין אָרימע בעטי: וויפיל עס איז אויף אונדז אויסגעגאָסן געוואָרן.

בעטי

(כאַפּט זיך ענדלעך אויף)

אָפּער מען דאַרף דאָך עפּעס אָנהייבן צו טון! ווי מען זאָל זיך נישט באַציִען צו דעם בריוועלע, איז דאָך פונדעסטוועגן קלאָר, אַז עפּעס דאַרף פאָרקומען!

פראַנציסקע

„עס איז שוין שפּעט" — „עס איז שוין שפּעט".

אדאָלף

איך וועל באַלד באַקאַנט מאַכן — איך וועל באַלד פאָרן אין פּאָליציי-אַמט. אָדער, וואַרט נאָר צו, דאָקטאָר, — איך וועל בעסער אַהינטעלעפאָנירן, — אָדער, ניין, איך וועל נעמען אַ דראָזשקע און (קלינגט) איך וועל פאָרן פריִער פאַר אַלעם אין פּראָקוראַטור, אויף דער וואַך-פּאָסט — מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז דאָס בעסטע. (שטוב-מיידל קומט אַריין) ברענגט מיר אַ דראָזשקע. — שנעלער! — (שטוב-מיידל אָפּ)

בעטי

פאַרוואָס האָבן מיר זי אַרויסגעטריבן?

פראַנציסקע

פאַרוואָס האָסטו דאָס דערלאָזט, מאַמע! וואָס וועט אַצינד העלפן איר חייסט דאָך דאָס נישט ערגער פאַר מיר. —

אדאָלף

פון וואַנען ווייסטו דאָס?

פערדינאַנד

וואָס עס זאָל נישט געשען — איבעריקנס, איך בין זיכער, אַז עס

וועט גאָרנישט געשען — קיינער — יאָ, קיינער — איך שטרייך דאָס אונטער — קיינער קען נישט מאַכן קיין פאָרוואָרף נישט זיך, נישט וועמען אַנדערש.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

אָבער פאַרוואָס האָט איר זי פאַרטריבן? האָט זי דען וועמען גע-שטערט? האָט זי דען וועמען עפּעס שלעכטס געטון?

אַ ד אָ ל ף

דער דאָקטאָר איז גערעכט — פאָרוואָרפן זייגען דאָ אינגאַנצן נישט אויפן אָרט (קוקט אין פענסטער, צי עס איז שוין דאָ אַ דראָזשקע) אינגאַנצן נישט אויפן אָרט — מיר האָבן זי נישט געקענט איבער-לאָזן בײַ זיך, — עס איז אינגאַנצן נישט געווען קיין גרונד צו דעם. דאַמאָלס וואָלט מען געדאַרפט... דו קענסט דאָס, פראַנציסקע, נישט פאַרשטיין... אַ סך פרויען צו האַלטן אין הויז.

פ ר אַ נ צ י ס ק ע

פאַרוואָס? אָבער פאַרוואָס? האָבן מיר דען שוין אַלע פאַרגעסן, ווער זי איז געווען פאַר אים? מיר באַהאַלטן אַלץ, וואָס עס דערמאָנט אונדז אָן אים, אַלץ וואָס ער האָט ליב געהאַט, — די קלענסטע נאַרישקייט! אָט די בילדלעך — ביכער — מיר רירן זיך נישט צו צו די דאָזיקע זאַכן — מיט ערפורכט טרעטן מיר אַלע אַריין אין דעם צימער — אַלץ וואָס דערמאַנט אונדז אָן אים, איז פאַר אונדז הייליק. און דעם דאָזיקן מענטש, וועלכער איז אים לאַנגע יאָרן געווען נענטער פאַר אונדז אַלע — טרייבן מיר אַרויס, די, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט אָפּהיטן אויפן זאָרגפעלטיקסטן אופן, די איינ-ציקע לעבעדיקע ערינערונג אָן אים, נאָכן טויט פון קינד — זי טרייבן מיר אַרויס?

פ ע ר ד י נ אַ נ ד

(אין אַ שטאַרקער אויפרעגונג)

פראַנציסקע, איך מוז באַמערקן, אַז עס איז גאַרנישט פּאַסיק אַלס אָנזעונג פון אַ געשטאַרבענעם זון איבערצולאָזן בײַ זיך זײַן געליבטע.

פראַנציסקע

(שפּרינגט אויף)

פערדינאַנד, גייט אַרויס, איך בעט אײַך, גייט אַרויס, איך הייב אײַך אָן צו פאַרשטיין. גייט אַרויס! — מיר איז עקלדיק אײַך צו זען. איר האָט זי פײַנט געהאַט...

פערדינאַנד

יאָ — ווי די זינד.

פראַנציסקע

ניין, זי איז נישט קיין פאַרקערפּערונג פון זינד — דאָס איז נישט אמת — זינד זעט אַזוי נישט אויס. דאָס, וואָס מאַכט גליקלעך אַ גוטן מענטש קען נישט זײַן קיין זינד. איר האָט זי פּײַנט געהאַט, ווי ווי דאָס גליק... ווי די פרייד פון אַ צווייטן מענטש, ווײַל איר האָט אַלץ פײַנט, וואָס איז פריידיק און פריי. ווי איר האָט אויך פײַנט געהאַט אונדזער הונגאָ. — איך פאַרשטיי אײַך אַזוי גוט. גייט, איך בעט אײַך... מיר איז אַזוי שווער אײַך צו זען.

אַדאָלף

פראַנציסקע, דו ביסט אַזוי אויפגערעגט —

פערדינאַנד

(אַרײַנפאַלנדיק אַדאָלפן אין די רייד אַרײַן)

אַצינד איז נישט די צייט צו ענטפערן אויף דעם. דערלויבט מיר אַצינד זיך צו דערווייטערן. איך וויל נישט — אַדיע —

אַדאָלף

(צו פערדינאַנדן)

איך בעט אייך, וואַרט מיך צו אין טויער, — איר וועט [illegible] מיט מיר —

**פערדינאַנד**

(גייט אַוועק)

**בעטי**

אַנטשולדיקט, טייערע, מיר האָבן געהאַט גאַנץ אַנדערע אַבזיכטן — מיר האָבן נישט גערעכנט...

**אַדאָלף**

(שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ, ואָכדעם, ווי ער איז אַ געווויסע צייט געגאַנגען הין-און-צוריק)

מען טאָר נישט בעטן קיין אַנטשולדיקונג בײַ קיין אייגן קינד. אַן אייגן קינד ווינטשט מען שטענדיק נאָר גוטס. (צו פראַנציסקען) וואָס זיינען דאָס פאַר אַן אומדערהערטע זאַכן, וואָס דו האָסט אָנגערעדט דעם דאָקטאָר? וואָס וועט ער טראַכטן וועגן דיר? איך דערקלער דיר: איך פיל מיך אינגאַנצן אומשולדיק — אַפילו ווען די ראַזיקע פערזאָן זאָל האָבן אויסגעפירט איר היסטערישע אָנשטרענגונג, און איך זע מיט שרעק, וואָס עס האָט געמאַכט פון דיר אָט די דאָזיקע פרינצעסאַפט... „פרייד"... „דעם צווייטנס גליק" „נישט קיין זינד"... — „זינד זעט אַזוי נישט אויס"... פון וואַנען זאָלסטו וויסן, ווי אַזוי זינד זעט אויס? אַציינד זען מיר, וואָס עס קומט אַרויס פון דעם, ווען דו טרעטסט נאָר איינמאָל אָפּ פון דיינע פרינציפּן, און היינטיגע אָן צו האָבן געשעפטן מיט פערזאָנען, וועלכע געהערן נישט צו דיין קרייז! וואָס האָבן מיר איצט דערלעבט? גאָרנישט, אַ גאַנץ סקאַנדאַל! מענטשן לאַכן פון אונדז — און דערצו נאָך אַזעלכע אומזיניקייטן. איך, פּראָפעסאָר לאַזאַטי, דאַרף גיין אין דער פּאָליציי מעלדן, אַז עס איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די געליבטע פון מיין [illegible] שטאַרבנעם זון — דאָס איז דאָך פשוט שרעקלעך.

פראַנציסקע

וואַסע, טאַסע!

בעטי

אַדאָלף, דו האָסט אינגאַנצן קיין האַרץ נישט.

אַדאָלף

איך האָב אַ האַרץ! איך האָב מער האַרץ, ווי איר אַלע! איך האָב איר געוואָלט באַשטימען אַ רענטע — אפשר האָט זי מיר נישט געגלייבט? אָדער זי וויל מיט דעם... (גייט צו צום פענצטער) אָט איז אַ דראָשקע — אַדיע, איך גיי אַוועק. — נו, — אפשר בין איך נאָך פונדעסטוועגן ווערט צו קריגן אַן ענטפער אויף מיין טאָכטער אויף מיין באַגריסונג. עס באַקומט זיך אַזאַ איינדרוק, ווי מען וואָלט געוואָלט אַרויפוואַרפן אויף מיר די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט — נאָר איך וועל אונטערטעניקסט בעטן — אָט איז די באַלוינונג! יאָ, אָט איז די באַלוינונג! דאָס האָסטו פון דיין אייגן קינד.

(גייט אַרויס אַ פאַרביטערטער)

בעטי

קינד מיינס, מיין ליב קינד!

פראַנציסקע

(פאַרברעכנדיק די הענט)

הוגאָ! הוגאָ!

בעטי

נאָר נישט... מען קען זי נאָך געפינען!

פראַנציסקע

ניין... ניין... מיר וועלן זי שוין מער נישט זען. — אַלע, אַלע זיינען אוועק פון אונדז: הוגאָ, דאָס קינד, זי... זיי זיינען שוין אַלע אומגעקומען... (שרעקנדיק זיך) אין אין דעם דאָזיקן מאָמענט, קען

וויין, גייט זי צו זיי. און מיר, מאַמע, זיינען שולדיק, און מיר —

בעטי

קען זיין איך... איך וואָלט געוועוען געקענט — נאָר נישט דו —
נישט דו. —

פראַנציסקע

איך אויך, מאַמע. איך פיל דאָס אין די טיפענישן פון מיין נשמה. מיר האָבן מורא געהאַט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין גענוג מוט זי ליב צו האָבן אַזוי, ווי זי איז ווערט געווען! מיר האָבן זיך באַצווינגען צו איר נאָר מיט רחמנות — מיט רחמנות — מיר! — און מען האָט נאָר געדאַרפט זיין אַ קליין ביסעלע בעסער, מאַמע!

פאַרהאַנג.